א. ניסענזאָן

# דער וועג צו מענטש

דראַמאַטישע פּאָעמע אין 21 בילדער



פאַרלאַג אידיש לעבן
ניו יאָרק

1934

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

דעניעל דעבס
מאַרגאַרעט, זיין פרוי
וויקטאָר, זייער זון
סאָלאָמאָן, א פריינט פון דער פאַמיליע
ערשטער אַרבעטער
צווייטער אַרבעטער
דריטער אַרבעטער
פערטער אַרבעטער
פינפטער אַרבעטער
טאָמאַס, איינגעמימער פון א בירהויז
ערשטער אָנגעשטעלטער
צווייטער אָנגעשטעלטער
עזעקיעל
מיריאָם, זיין פרוי
קעטרין, זייער טאָכטער
אַ פאַרמער
אַ קרעמער
ערשטער דעלעגאַט
צווייטער דעלעגאַט
פעטערס, פירער פון די פאַראייניקטע יוניאָנס
באַנקיר
באַנדירעקטאָר
טאָמפּסאָן, רעדאַקטאָר פון א גרויסער צייטונג
סעקרעטאַר צום פּרעזידענט
אַלטגעלט גאָווערנאָר פון א מיטלוועסטערנעם שטאַט
דזשיימס היל, פּרעזידענט פון באַננעזעלשאַפט
מיטגליד פון האַנדלס-קאַמער
אַרבעטער-פאַרטרעטער
איינער פון הילס סעקרעטאַרן
ערשטער אַרבעטלאָזער

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

צווייטער אַרבעטלאָזער
דייוויד, דעבסעס א באַקאַנטער
טעאָדאָר, דעבסעס ברודער
מיידל
סוואַנסאָן ערשטער עלצטער פון קירך
צווייטער עלצטער
דריטער עלצטער
פרעמדער
וויליאַמס, פרעזידענט פון דער רעפובליק
פריסטער
ריכטער
פראָפעסאָר פון געשיכטע
זשורנאַליסט
רעגירונגס-אַגענט פון יוסטיץ
ערשטער צייטונגס-מיטאַרבעטער
צווייטער צייטונגס-מיטאַרבעטער
דריטער צייטונגס-מיטאַרבעטער
פערטער צייטונגס-מיטאַרבעטער
פינפטער צייטונגס-מיטאַרבעטער
נייס-רעדאַקטאָר
ערשטער סאָציאַליסט
צווייטער סאָציאַליסט
דריטער סאָציאַליסט
פערטער סאָציאַליסט
פינפטער סאָציאַליסט
געריכט-באַאַמטער
פראָקוראָר
מילער, א רעפּאָרטער
שטיינער, א בוכהאַלטער
פּאַרטיידיקונגס-אַדוואָקאַט

## פּערזאָנען:

געשוואוירענע
ערשטער אַרעסטאַנט
צווייטער אַרעסטאַנט
דריטער אַרעסטאַנט
פערטער אַרעסטאַנט
וואָרדן פון טורמע
מאַרי, זיין טעכטערל
דאָקטאָר
אַרבעטער, אוילעם, סטודענטן.

# דערוואַכונג

## בילד איינס

(קומט פאר אין יאָר 1870. אַ הויז אין אַ קליין אַמעריקאַניש שטעטל. אָוונט. ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצט דעניעל און קוקט.... אריין אין אַ בוך. זיין פרוי, מאַרגאַרעט, זיצט נעבן פענצטער און נייט. עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין סאָ־לאָמאָן, אַ פריינט פון דער פאַמיליע).

**סאָלאָמאָן:**

א גוטנאָוונט.

**דעניעל:**

גוטנאָוונט, סאָלאָמאָן.

**מארגארעט:**

גוטנאָוונט.

**סאָלאָמאָן:**

(צו דעניעלן) האָסט אין איין לייענען, דו אַלטער ביכער־וואָרים.
לאָמיר נאָר זען וואָס לייענסטו איצט.
(גייט צו צו דעניעלן, טוט אַ קוק אַריין אין בוך)
ווי דער שטייגער איז, וואָלטער.
די האָסט שוין געמעגט קענען וואָלטערן אַף אויסווייניק,
אָט ווי אַ פרומער קען זיין דאַוונען.

ווי לאַנג, איך בעט דיך, איז דער שיר צו לייענען
קעסיידער וואָלטערן און וואָלטערן ?

**דעניעל:**

רעדסט ניט צו דער זאַך, מיין פריינט.
וואָלט דיר איינגעפאַלן צו פרעגן אַ פרומען מענטשן
אַלמאַי ער זאָגט קעסיידער איבער די זעלביקע טפילעס.
טאָג־אויס, טאָג־איין ?
וואָלטער, פאַרשטייסטו מיך, איז טפילע,
טפילע פון אַ גערעכטן, פון אַ גרויסן מענטשן.

**סאָלאָמאָן:**

אַלטער פריינט מיינער, דו כאַלעמסט.
מיר ביידע האַלטן די אויגן אָפן און כאַלעמען.
ווי איך זע, וועט פון אונז ביידן קיין לייט ניט זיין.
אָט האָבן מיר פאַרלאָזן עלזאַס־לאָטערינגען, צוויי יונגעלייט,
געקומען אין יונגן לאַנד אריין, אין פרייען לאַנד.
מיט אָפענע אָרעמס האָט דאָס לאַנד אונז אופגענומען :
נאַ, נעם, ווער רייך, ווער מעכטיק !
און וואָס האָבן מיר געטאָן ?
איך שנייץ אויס שפילעכלעך פון האָלץ,
און דו פאַטערסט דיינע טעג אין קלייט.
זעסט די אַנדערע, אין איין צייט מיט אונז אַהער געקומען,
מאַיאָנטקעס גאַנצע זיך געשאַפן.
נאָר גיי מאַך, אַז ווי זאָגט דאָרט אונזער פריינט וואָלטער —
גערעכטיקייט !

**דעניעל:**

מיין פריינט, מיין גוטער סאָלאָמאָן,
ניט רייכקייט זיינען מיר געפאָרן איבער יאַמען זוכן,
נאָר פרייהייט פון גייסט און פון געוויסן.
ס'איז דאָ פאַרזייט אַ זאָמען.
מיר דאַרפן עס באַוואַסערן און העלפן וואַקסן.
ניט איך און דו און נאָך אַזעלכע איבער גאָרן לאַנד,
וועט שלעכט זיין.

דאָס קערנדל דאַרף זונשיין — די זונשיין פון געוויסן אונזערן,
אַז ניט וועט עס פאַרטריקענען, פאַרוויאַנען.
וואָס וועט זיין, אַז מיר וועלן באַשאַפן גאָלד, מאַיאָנטקעס?
מיר וועלן שטאַרבן און די קינדער וועלן יאַרשענען — — — —
רייכע פּוסטעפּאַסניקעס. און דער גייסט אונזערער?
איך גלויב אין לאַנד אין אונזערן!
אָט זעסט, די ניגערס האָט מען סאָף קאָל סאָף באַפרייט.
דו ווייסט דען, וואָס דאָס מיינט?

**סאָלאָמאָן:**

דעם ניגער האָט באַפרייט דער ווייסער מענטש.
דעם וויסן מענטשן ווער וועט באַפרייען?

**דעניעל:**

דער ווייסער מענטש וועט באַפרייען דעם וויסן מענטשן.
אַזעלכע ווי איך, ווי דו, וואָס שניצן שפּילעכלעך פון האָלץ
אַנשטאָט אָנזאַמלען מאַיאָנטקעס.
און מיין ניט, דו ביזט איינער און איך דער אַנדערער, און גאָר
נאָך דאָ אַסאַך אַזעלכע באַ אונז אין לאַנד.
מיר וועלן גיין צום שטימקאַסטן און דורכפירן געזעצן
צו באַפעסטיקן די פרייהייט אַף אַלעמאָל.

**סאָלאָמאָן:**

איך האָב ליב דיין באַגייסטערונג, מיין פריינט.
ווי אַ גלויביק יינגל רעדסטו.
מיך אָבער שרעקט אַ מאָדנע פאָרגעפיל.
אַ מאָדנער כאָלעם האָט זיך מיר געכאָלעמט לעצטע נאַכט.
איך ווייס, ועסט לאַכן.
גלויבסט ניט, פּונקט ווי איך, אין קיין כאַלוימעס.
דער כאָלעם, אָבער, איז אַזאַ טשיקאַווער:
— ס'איז באַגינען. אַ שטילקייט רוט אַף פעלד און באַרג
און טאָל.
עס ווערט אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער.
עס באַווייזן זיך די ערשטע שטראַלן פון דער זון.
און אָט קומט די זון אַליין אַרויס.

אָבער אַנשטאָט צו קלעטערן העכער און העכער אַפן הימל,
נעמט זי נידערן אַראָפּ. און אָט איז זי אױף דער ערד.
מענטשן קומען אָן פון גאָרן לאַנד צו זען גאָטס װאונדער.
צוערשט האָט מען מוירע צוצוטרעטן נאָענט.
ביסלעכװײַז אָבער הױבט די מוירע אָן פאַרשװינדן. מען װערט
דרייסטער.
מען הױבט אָן צו באַטאַפּן די זון. און הער נאָר סאַראַ װאונדער!
די גאַנצע זון איז געמאַכט פון פּאָשעט גאָלד, דו הערסט, פון פּאָשעט
גאָלד!
מעסערס האָבן זיך באַװיזן, העק;
מען האָט גענומען שנײַדן שטיקער און אָנלאָדן אױף װעגענער,
ס'איז געװאָרן אַזאַ געדרענג, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן . . .
דאָ האָב איך זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף.
די זון האָט אַרײַנגעשײַנט דורכן אָפענעם פענצטער.
אַ גאַנצן טאָג האָב איך ניט געקענט שניצן מײַנע האָלצערײַען,
עפּעס אַ מאָדנער שאָטן פון אַ פּאָרגעפיל האָט מיך געמאַטערט.
נו, מײַן פרײַנט, װאָס זאָגסטו עפּעס ניט צו דעם?

**דעניעל:**

(שװײַגט פאַרטראַכט אַ װײַלע) אַ מאָדנער כאָלעם, עמעס.
קלינגט װי עפּעס אַ פינצטערע נעװאוע.
הא, װאָס זאָגסטו, מוטער?

**מאַרגאַרעט:**

אַ מאָדנער כאָלעם, פאָטער.
עפּעס ניט װי די געװײנטלעכע כאָלומעס.

**סאַלאָמאָן:**

אַ גאַנצן טאָג געטראַכט פון טױזנט זאַכן.
געשניצט דאָס האָלץ. דערמאָנט זיך טעג פאַרגאַנגענע.
עלזאַס־לאָטרינגען, קינדהײט.
עס האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן. ניט געקענט אַ גאַנצן טאָג פאַרגעסן.
װי אַ שאָטן איז דער כאָלעם געשטאַנען פאַר די אױגן.
קום דערלעבט דעם טאָג פאַרענדיקן, און קומען צו דיר.
כ'האָב מוירע, דעניעל, עס איז ניט גלאַט אַ כאָלעם.

**דעניעל:**

מיין גוטער סאָלאָמאָן. פּונקט ווי איך האָסטו דערפילט,
אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק לעצטנס אינעם לאַנד.
זינט נאָך דעם בירגער־קריג האָבן אָנגעהויבן בלאָזן קאַלטע ווינטן,
די פּאָליטיק, די רעדעס, וואָס מען האַלט.
ס'איז עפּעס ניט ווי אין דער צייט פון פאָטער אייב.
געדיינקסט ווי אייב פלעגט זיך אוועקשטעלן אויף דער פּלאַטפאָרמע,
אַ מאַן׳ אַ ריז, מיט טיפן טרויער אין די אויגן,
און רעדן רייד אזעלכע פּאַשעטע,
אַז קינד און קייט האָט אים פאַרשטאַנען און געגלויבט.
און די פון היינט פאַרדרייען עפּעס דעם געדאַנק אַזוי,
אַז דו ווערסט פאַרפּלאָנטערט.
פילסט ווי עפּעס וויל מען אויסבאַהאַלטן.
אַ שלעכטער סימען, ניט דאָס האָט פאָטער אייב געמיינט.
ניט פאַר דעם איז פאָטער אייבראַהאַם געשטאָרבן.

**סאָלאָמאָן:**

מיט פאָטער אייבראַהאַם וועט געשען דאָסזעלבע וואָס מיט יעזוסן.
מען וועט דאָס בילד זיינס אופהענגען אין יעדן קאַבינעט;
מען וועט צום אָנדענק זיינעם אופשטעלן מאָנומענטן;
מען וועט אים ברענגען פאַר אַ ביישפּיל: „אָט דאָס איז געווען אַ מענטש!"
און פאָטער אייבראַהאַם, אַ שווייגנדיקער און פאַרטראַכטער,
ווי ער איז אַלעמאָל געווען, וועט אַראָפּקוקן
מיט אַזויפיל טרויער אין זיינע גרויסע, טיפע אויגן . . .
איי, ווען פאָטער אייבראַהאַם וואָלט איצט געלעבט!

**דעניעל:**

ער לעבט, ער לעבט, מיין ליבער סאָלאָמאָן.
אין אַזעלכע ווי מיר לעבט פאָטער אייבראַהאַם.
ער וואָרצלט טיף אין האַרץ פון פאָלק.
מיר דאַרפן זען, אַז דאָס, וואָס פאָטער אייבראַהאַם האָט אָנגעהייבן,
זאָל פאַרגעזעצט ווערן.
פאָטער אייבראַהאַם האָט אָפּגעטאָן אַ האַלבע אַרבעט.

ער האָט באַפרייט דעם שוואַרצן מענטש פון יאָך פון ווייסן.
די צווייטע העלפט — דאָס דאַרפן מיר אַליין טאָן:
באַפרייען דעם ווייסן מענטש פון ווייסן מענטשן!

**סאָלאָמאָן:**

דערווייל גייט פונקט פאַרקערט.
דאָס גאָלד געיעג פון 1849
האָט ערשט גענומען זיך פאַנאַנדערבליען.
שוין הייבט זיך אָן צו פילן די מכיצע.
די לופט איז שוין פאַרפעסטעט פון דעם סנאָב און רייכן מאַן.
ערשט יענעם טאָג, דערציילט דער באַן־אַרבעטער טאָמאַס,
איז אים דער טוואוע־הענדלער מילס אין גאַס פאַרבייגעגאַנגען,
און ניט געענטפערט אים אַף זיין גוטמאָרגן.

**דעניעל:**

קען זיין ער האָט אים ניט באַמערקט.

**סאָלאָמאָן:**

דו, מיין פריינט, ביזט גרייט אַף יעדן מענטש אַ זכות געפינען.
איך, אָבער, זע אין דעם אַ צייכן פון דער צייט.
געדענק מיין וואָרט, דעניעל,
עס וועט זיך דאָ נאָך טאָן באַ אונז אין לאַנד.

**מאַרגאַרעט:**

(עפנט אַלע ווײלע דאָס פענצטער. אומרואיק. קוקט אַרויס אין גאַס.)
דעניעל . . .

**דעניעל:**

וואָס איז, מוטער?

**מאַרגאַרעט:**

וואָס קען עס זיין וואָס וויקטאָר איז נאָך אַזוי שפּעט ניטאָ?

**דעניעל:**

(גייט צו צו מאַרגאַרעטן. גלעט זי איבערן קאָפּ)
גאָרנישט, מוטער, גאָרנישט, ער וועט קומען.
פאַרלאָז זיך אַף וויקטאָרן.

**מארגארעט:**

געוויינטלעך איז ער שוין אין דער צייט אינדערהיים.

**דעניעל:**

מיסטאמע באַגעגענט עמיצן, אַ כאַוועֵר עפּשער פון דעם סעמינאַר,
און אָפּגעשטעלט זיך דערציילן פון זיין אַרבעט אַף די באַנען.
ווייסט דאָך ווי שטאָלץ ער איז מיט דעם,
וואָס ער איז ענדלעך געוואָרן אַן אַרבעטער.

**סאָלאָמאָן:**

אַ וואוילער יונג, דיין וויקטאָר, ער געפעלט מיר.
אַז ער רעדט צו דיר, צינדט זיך אָן אין זיינע אויגן אַזאַ פייערל,
פאַרשטייסט, אַז עס ווערט דיר ליכטיק אַפן האַרצן.
גיב גוט אַכטונג אַף אים, דעניעל.
דער יונג דיינער וועט עפּעס אויסוואַקסן.

**דעניעל:**

אַנומלטן קומט ער צוגיין פון סעמינאַר,
קומט צו אַן ערנסטער צו מיר.
פּאָטער, זאָגט ער, איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן.
רעד, זאָג איך, זון.
פּאָטער, זאָגט ער, איך וויל פאַרלאָזן דעם סעמינאַר.
וואָס עפּעס פּלוצלינג, זון? — פרעג איך.
דער סעמינאַר, זאָגט ער, קען מיך שוין גאָרניט לערנען, פּאָטער.
וואָסזשע ווילסטו טאָן, זון? — פרעג איך.
איך וויל, זאָגט ער, גיין אַרבעטן, פּאָטער, אַף די באַנען.
איך וויל זיין אַ מענטש פאַר זיך.
ביזט נאָך אָבער צו יונג, זאָג איך.
פאַרלאָז זיך, זאָגט ער, אַף מיר, פּאָטער.
גוט, זאָג איך, גיי זיך דיין אייגענעם וועג,
און זאָל גאָט דיך בענטשן.
אַ דאַנק דיר, זאָגט ער, פּאָטער,
און דריקט מיר אַזוי מענעריש די האַנט.

**מארגארעט:**

ניט באַדאַרפט געווען אַזוי גיך נאָכגעבן.

נאָך פֿאַרט אַ קינד.

**סאָלאָמאָן:**

נאַרישקייטן, מוטער. וויקטאָר איז יונג אין יאָרן,
אָבער ער איז שוין ניט קיין קינד.
אַז ער שטעלט אַוועק זיך מיט מיר רעדן,
הער איך אים און שטוין,
ווי קומט צו אַזאַ ייִנגל אַזעלכע רייד!
שטער אים ניט, מוטער.
דיין וויקטאָר וועט שוין גיין דעם וועג, וואָס ער באַדאַרף.

**מאַרגאַרעט:**

(קוקט אומרואיק אַפֿן זייגער, נאָכדעם אין פֿענצטער)
אָבער פֿאַרוואָס איז ער נאָך אַזוי שפּעט ניטאָ?
דעניעל, עפּעס שרעקט מיר דאָס האַרץ פֿאַר אים.
צי איז, כאָלילע, עפּעס ניט געשען היינט אויף דער באַן.
באַדאַרפֿט עפּשער אַרויסגיין פֿרעגן שכיינים,
צי צוגיין צו דער סטאַנציע אויסגעפֿינען?

**דעניעל:**

האָ, ווי מיינסטו, סאָלאָמאָן?

**סאָלאָמאָן:**

עס וועט אים גאָרניט געשען. פֿאַרשפּעטיקט זיך און שוין.

**דעניעל:**

(אַביסל אומרואיק) פֿונדעסטוועגן? . . . (מאַכט עטלעכע טריט צו דער טיר)

(עס עפֿנט זיך די טיר. וויקטאָר, אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר זעכצן, קומט אַריין, אָנגעטאָן אין קליידער פֿון אַ באַן־אַרבעטער, מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט).

**וויקטאָר:**

גוטנאָוונט, מוטער, גוטנאָוונט, פֿאָטער. גוטנאָוונט, הער סאָלאָמאָן.
(צעקושט זיך מיט מאַרגאַרעטן).

**מאַרגאַרעט:**

דאַנקען גאָט ביזט דאָ. און מיר האָט דאָס האַרץ אַזוי נעריסן.

**וויקטאָר:**

מוטער׳ צו וואָס אַזוי זיך זאָרגן אַלע טאָג?
איך בין דאָך שוין קיין קינד נישט. שוין זעבצן יאָר.
די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן מיט מיר צוזאַמען אַף די באַנען,
באַציען זיך צו מיר ווי גלייכע צו אַ גלייכן.

**מאַרגאַרעט:**

אָבער די באַנען זיינען דאָך אַזוי ניט זיכער.
עס קען אַ באַן אַראָפּגיין פון די רעלסן. אַ צוזאַמענשטויס.
וויקטאָר, זון מיינער, וואָלסט געדאַרפט געפינען פאַר זיך אַן אַנדער אַרבעט,
אַ מער זיכערע. אָט זיצן ערגעצוואו אין אַ געשעפט,
פאַרשרייבן אין די ביכער. האַ, ווי מיינסטו, סאָלאָמאָן?

**וויקטאָר:**

ניין, מוטער, ניט פאַר מיר אָט אַזאַ אַרבעט.
אַ מענטש דאַרף ליב האָבן די אַרבעט, וואָס ער טוט.
אָט זעסטו, די אייזנבאַנען, דאָס איז שוין גאָר אַ נייע וועלט.
דאָ זינגט דער מוסקול.
אַז איך הער דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוו,
דוכט זיך מיר, איך הער דעם גאַנג פון אַ קומענדיקער וועלט.
איי, מוטער, ווען דו וואָלסט נאָר געוואוסט
ווי ליב איך האָב די אַרבעט אַף די אייזנבאַנען,
די מענטשן, וואָס אַרבעטן מיט מיר!
זאָרג זיך נישט מוטער, עס וועט מיר גאָרניט ניט געשען.

**סאָלאָמאָן:**

(גייט צו צו וויקטאָרן, לייגט אַרויף אַ האַנט אַף זיין אַקסל)
מיין יונגער פריינט, גאָט זאָל בענטשן דיינע טריט.
דאָס לאַנד דאַרף האָבן יונגעלייט ווי דו.

**וויקטאָר:**

איר פאַרשטייט, סאָלאָמאָן, עס רוקט זיך אָן אַ נייע צייט באַ אונז אין לאַנד,
אייב לינקאָלן האָט אַ וועג איר אויסגעטראָטן.
פון אַלע זייטן קומען אָן די לאָקאָמאָטיוון,

און שלעפּן זי, די נייע צייט, אַף זייערע רוקנס.

**סאָלאָמאָן:**

מיר האָבן דאָ ערשט פון דעם גערעדט.

ווי שטעלסטו זיך פאָר די נייע צייט?

**וויקטאָר:**

איך שטעל זיך פאָר, ווי די מאַשין דערגרייכט דאָס סאַמע העכסטע,

אַף פעלדער און אין שטעט.

באַנען פאַרבינדן איין שטאָט מיט דעם צווייטן, מענטש מיט מענטש.

מענטש געוועלטיקט איבער דער מאַשין.

אָט פונקט ווי עס דערציילט זיך אין די וואונדערלעכע ביכער.

**סאָלאָמאָן:**

מיין יונגער פריינט, איך האָב דיך צופיל ליב,

און וואָלט ניט געוואָלט צעשטערן אַן אילוזיע אין דיין יונגן מויעך.

דעם עמעס זאָגנדיק, מיך שרעקט די צייט,

וואָס קומט אַהער אַף אייזנבאַנען.

די ביכער כאָלעמען אַ וואונדערלעכן כאָלעם;

זיי זיינען מייסעלעך פאַר קינדער.

מיר אָבער האָט זיך געכאָלעמט אַ כאָלעם גאָר אַן אַנדערער,

אַ כאָלעם פון גאָלד, וואָגאָנען גאַנצע, וואָס וועגט אַראָפּ און דריקט,

ניט אַף די רוקנס פון לאָקאָמאָטיוון, נאָר פון מענטשן.

**וויקטאָר:**

דאָס וועלן מיר ניט דערלאָזן.

מיר, וואָס טראָגן די אַרבעט־קליידער, די לאַמטערנעס,

וואָס הייצן די לאָקאָמאָטיוון.

מיר זיינען די ערשטע צו באַגעגענען די נייע צייט.

מיר וועלן זיין די ערשטע, וועלן מיר זי פאַנאַנדערטיילן,

צו אַלע מענטשן גלייך.

**סאָלאָמאָן:**

מיין ליבער וויקטאָר, מיר דאַכט זיך, אַז דער באַן ־ מאַגנאַט דזשיימס היל,

האָט שוין מיט דער רעגירונג אונטערגעשריבן קאָנטראַקטן

אַף דער צייט, וואָס דאַרף ערשט אָנקומען, אַז ער זאָל אַכטונג געבן
אַף דער צעטיילונג.

**וויקטאָר:**

קאָנטראַקטן מוזן אונטערשרייבן אַלע צדדים.
ווען איינער פעלט, איז דער קאָנטראַקט ניט גילטיק.
דאָס איז געזעץ! און מיר וועלן באַשטיין אַף אונזער רעכט.
ווערסט זען, סאָלאָמאָן, מיין פריינט,
ווי ליכטיק ס'וועט די נייע צייט אַ שיין טאָן,
ווי די יונגע זון אין ליכטיקן פרימאָרגן.
(גייט אַרויס אַ באַגייסטערטער דורך דער טיר, וואָס פירט צו זיין שלאָפצימער. פון יענער זייט טיר הערן זיך נאָך זיינע באַגייסטערטע ווערטער) ווי יונגע זון . . .

**סאָלאָמאָן:**

(קוקט צו דער טיר וואו וויקטאָר איז אַרויס)
גאָט זאָל דיך בענטשן, מיין יונגער פריינט.

**דעניעל:**

(גייט צו צו סאָלאָמאָנען מיט פאָטערלעכן שטאָלץ)
הא, סאָלאָמאָן, מיין וויקטאָר, מיין בכור!

**סאָלאָמאָן:**

אַ גאָלדענער יונג, אַ גאָלדענער יונג, דעניעל,
פון אים רעדט אַרויס דער גייסט פון די ערשטע פאָטערס,
וואָס זיינען אַהער געקומען זוכן פרייהייט.
מיר דאַכט, אין אים איז פאָטער אייבראַהאַם אפּסניי געבוירן.

**דעניעל:**

טרייבסט שוין אַביסל איבער, סאָלאָמאָן.
אַ יונג אָבער איז ער אַ וואוילער.

**סאָלאָמאָן:**

ביזט גאָטס אַן אויסדערווײלטער, דעניעל.

**מאַרגאַרעט:**

פונדעסטוועגן געמענט געפינען פאַר אים אַן אַנדער באַשעפטיקונג.
מיר שרעקט דאָס האַרץ. די באַנען וואַרפן אָן אַ מוירע.

**דעניעל:**

נו, נו, מוטער, נאָר ניט געשראָקן זיך.
מען קען זיך פון גאָט ניט אויסבאַהאַלטן.
ער וועט שוין פירן און היטן אונזער וויקטאָרן.

**סאָלאָמאָן:**

מארגארעט, ניט שטער אים, ניט שטער דיין וויקטאָרן.
לאָז אים טאָן, וואָס ער האָט ליב.
איך פיל דיין הארץ.
דו טאָרסט עס אָבער אים ניט לאָזן פילן.
דו ווייסט דאָך ווי ער האָט דיך ליב,
און וואָלט פאר דיינעטוועגן אַלץ געטאָן.

**דעניעל:**

סאָלאָמאָן איז גערעכט, מוטער.
מיר דארפן קוקן פון אַ זייט,
און לאָזן וויקטאָרן גיין זיין אייגענעם וועג.

**מארגארעט:**

בענטש אים, פאָטער אין הימל . . .

**סאָלאָמאָן:**

ער איז שוין אַ געבענטשטער.
(פון יענער זייט טיר הערט זיך):
ווי יונגע זון אין ליכטיקן פרימאָרגן . . .

(פוירהאַנג)

# בילד צוויי

(אַ שענק אין אַן אַמעריקאַניש שטעטל, זיבן יאָר שפּעטער)

**ערשטער ארבעטער:**

באַלעבאָס, נאָך אַ גלאָז ביר, פון זעלבן סאָרט.

**צווייטער ארבעטער:**

זשליאָקע, ברודער, זשליאָקע, קאָלזמאַן ס׳איז נאָך דאָ פּאַרוואָס.

**ערשטער:**

וועט ניט זיין קיין געלט, וועט ער באָרגן, דער באַלעבאָס.
האַ, באַלעבאָס, וועסט געבן ביר אַף באָרג?

**באלעבאָס:**

וויפיל וועסט נאָר וועלן.

**ערשטער:**

הערסט? ער׳ט געבן ביר אַף באָרג, דער באַלעבאָס.
און אַז ס׳וועט נאָר זיין ביר, וועט שוין גיין אַ גאַנג.
באַלעבאָס, האָסט געהערט די נייס?
מ׳עט שניידן סכירעס, און שניידן היפּש.
פאַרשטייסט, עס וועט זיך עפּעס טאָן.
מ׳רעדט, אַז די אַרבעטער קלייבן זיך צו סטרייקן.
באַלעבאָס, מיט וועמען וועסטו זיין,
מיט אונז אָדער מיט זיי?

**באלעבאָס:**

מיט די וואָס טרינקען ביר און גיבן צעלייזן.
ז י י טרינקען נאָר שאַמפּאַניער.

**ערשטער:**

אַזוי איז גוט געזאָגט.

**אנדערע:**

אַזוי איז גוט געזאָגט.

**אַן אַרבעטער:**

ברידער, איר ווילט זיך איבער ביר.
און ברויט וואו וועט מען נעמען ?

**נאָך איינער:**

און דירע־געלט באַצאָלן וואו ט׳מען נעמען ?

**צווייטער:**

געלוינט זיך בלוט פאַרגיסן אינעם בירגער־קריג.

**דריטער:**

באַפרייט די ניגערס און זיך אַליין פאַרשקלאַפּט.

**אַן אַנדערער:**

געוועזן שוין בעסער בלייבן בא דעם אַלטן.
געלעבט כאָטש רואיק.

**נאָך איינער:**

ווען ניט פאָטער אייבראַהאַם, וואָלט אַלץ נאָך גיין ווי ס׳איז געגאַנגען.

**אַן אַנדערער:**

געווען קלוגע מענטשן, וואָס האָבן ניט געוואָלט דעם קריג.
געדאַרפט זיך איינהערן צו זיי.

**נאָך איינער:**

וואָלסט זיך איינגעהערט צו יענע שאַרפע צינגער,
וואָלט איצט נאָך פיל ערגער געווען.

**אַן אַנדערער:**

וואָס קען זיין ערגער ווי פאַטערן די קויכעס פאַר אַ הונגער־לוין ?

**ערשטער:**

נאַרישקייטן רעדט איר !
מענטשן דערוואָקסענע, און רעדן נאַרישקייטן פּונקט ווי קינדער.
ס׳האָט פאָטער אייבראַהאַם געטאָן אַ גרויסע זאַך.

**אַן אַנדערער:**

אַ מענטש ווי פאָטער אייבראַהאַם האָט געדאַרפט דורכפירן געזעצן
אויך פאַר דעם ווייסן מענטש, און ניט נאָר פאַר דעם שוואַרצן.

**ערשטער:**

ס'וועט פּאָטער אייבראַהאַמס אַרבעט ניט פֿאַרלוירן גיין.
צו טיף האָט פּאָטער אייבראַהאַם געשלאָגן וואָרצלען.
ס'וועט קומען עמיצער פון אונזערע רייען און וועט ווייטער פירן,
פון אונזערע רייען אַ נייער פּאָטער אייבראַהאַם.

**באַלעבאָס:**

אַזעלכע רייד איז גוט צו הערן, בירגער.
ביטאָכן, נאָר ביטאָכן, און גאָט וועט העלפן,
ער העלפט דעם רייכן און דעם אָרימאַן.

**אַן ארבעטער:**

דער רייכער העלפט זיך שוין אַליין.

**ערשטער:**

דער אָרימאַן וועט אויך אַליין זיך העלפן.
נאָר ניט פאַרלוירן זיך.
מיר קענען טראָגן ביקסן, ברידער.
דאָס האָט געלערנט אונז דער בירגער-קריג.
און קאָלזמאַן ס'איז נאָך ביר פאַראַן צום טרינקען,
וועט גיין אַ גאַנג.
הא, וואָס זאָגסטו, באַלעבאָס ?
וועסט געבן ביר אַף באָרג ?

**באַלעבאָס:**

וועל געבן, וויפל נאָר עס וועט אַריין.

**ערשטער:**

איז גוט.
דערוויל איז נאָך דאָ מיט וואָס צו צאָלן.
טאָ גיס אָן סקונערס, פאַר אַלעמען.
און ס'איצטיקע מאָל אײַנגאַנצן אַף מיין כעשבן.
דו, אויך, פאַר דיר באַצאָל איך אויך.

**באַלעבאָס:**

מען דאַרף ניט, בירגער, איך קען טרינקען אָן געצאָלט,
עס איז דאָך מיינס.

**ערשטער:**

עס מאַכט ניט אויס. דאָס איצטיקע מאָל,

טרינקסטו ברודערשאַפט מיט אונז.

(אַלע נעמען די גלעזער אין די הענט. טרינקען).

**ערשטער:**

איך זאָג, וואו איז ערגעץ דער יונג?

**צווייטער:**

וועמען מיינסטו, בירגער?

**ערשטער:**

דער יונג מיט די געקרויזטע האָר,

ווי הייסט ער דאָרטן — — אָט מאָדנע,

אַ מענטש, זעסט אים אַלע טאָג,

און נאַדיר, זיין נאָמען גאָר פאַרגעסן.

**צווייטער:**

מיינסט, וויקטאָר?

**ערשטער:**

יע, וויקטאָר.

אַלע מאָל איז ער אין דער צייט דאָ מיט אונז.

עפּעס היימישער ווען ער איז דאָ.

**צווייטער:**

אַ יונגערמאַן, קימאַט אַ אינגל נאָך,

און ווייס אַזויפיל זאַכן.

**אַן אַנדערער:**

ער רעדט שטענדיק צו דער זאַך.

**צווייטער:**

וואָס מיך וואונדערט איז, וואו האָט ער עס גענומען?

פון הייצן לאָקאָמאָטיוון קען מען זיך קיין סאַך ניט אויסלערנען.

אָט הייץ איך שוין לאָקאָמאָטיוון אַ היפּש ביסל יאָר,

און ווייס ניט קיין צענט־כיילעק וואָס אָט דער שנעק.

**ערשטער:**

רעדן, רעדט ער, דאַכט זיך, אַזעלכע פּאָשעטע רייד,

וואָס יעדער איינציקער פון אונז וואָלט עס געקאָנט,
נאָר באַ אים קומען זיי אַרוים גאָר אַנדערש,
עפּעס, ווי דו וואָלסט זיי געהערט צום ערשטן מאָל.

**אַן אַרבעטער:**

איך שטיי מיט וויקטאָרן אַזוי און אַרבעט,
און אַט גיט ער זיך אַ שטעל אַוועק,
און הייבט אָן רעדן וועגן דער נייער צייט,
איז, וואָס זאָל איך אייך זאָגן,
פילסט מאַמעש ווי דו ווערסט אַן אַנדער מענטש.

**ערשטער:**

איך געדענק ווי פּאָטער אייבראַהאַם פלעגט רעדן פאַר אַן עולם,
פלעגט ער אויך מיט ווערטער פּאָשעטע אַזעלכע, וואָס קינדער האָבן עס פאַרשטאַנען,
באַגייסטערן די צוהערער. איך . . . איך מיין ניט צו פאַרגלייכן . . .
פּאָטער אייבראַהאַם איז געווען אַ מענטש מיט הויכער בילדונג,
אַ יוריסט; און וויקטאָר איז אַ באַן־באַהייצער, פּונקט ווי מיר.
אָבער יעדן מאָל, ווען איך הער אים רעדן פיל איך,
ווי כ'וואָלט געהערט די שטים פון פּאָטער אייבראַהאַם.

**אַן אַרבעטער:**

און מוטיק איז ער אויך ווי יענער.
עס פאָדערט זיך אַ סאַך קוראַזש
אַרונטערצוברענגען אַהער די סוזאַן אַנטאָני.
ווער האָט עס נאָך געהערט אַזוינס?
אַוועקשטעלן די פרוי אַפן זעלבן שטאַפּל ווי דעם מאַן!
איר געבן שטימרעכט!
נאָך אפשר אויסקלייבן אַ פרוי פאַר פּרעזידענט פון לאַנד?
די ווייבער אונזערע אַליין האָבן זי געוואָלט פון שטאָט פאַרטרייבן.
און ער איז געגאַנגען באַגעגענען זי באַ דער באַן,
מיט איר געאָרעמט געשפּאַצירט איבער די גאַסן צום האָטעל.
איך זאָג, עס פאָדערט זיך אַ סאַך קוראַזש.

**אַן אַנדערער:**

ניט דאָס אַליין. אַנומלטן, דערציילט דעם שאָכנס זון,

ווי אַזוי ער, וויקטאָר הייסט עס, איז געזעסן באַם טישל מיט דעם
אַלטן ווענדל פיליפס,
און האָט אים געפרעגט אַ פראַגע נאָך אַ פראַגע.
עפשער טויזנט פראַגעס האָט ער געשטעלט דעם אַלטן.
עס זיינען געזעסן, דערציילט ער, דעם שאָכנס זון,
באַם טישל אַנדערע יוגעליים, און האָבן ניט געוואַגט דאָס מויל צו
עפענען.
ער, דעם שאָכנס זון אַליין, האָט געהערט דעם אַלטן זאָגן וויקטאָרן:
„יונגערמאַן, געפעלסט מיר," און אים גערופן „זון."

**נאָך איינער:**

און ווי בראַוו ער האָט זיך דאָס געהאַלטן,
ווען ער האָט דעם אַלטן פאָרגעשטעלט אויף דער פלאַטפאָרמע.

**ערשטער:**

איך זאָג, עס וועט זיך וויקטאָר . . .
(עס עפנט זיך די טיר און וויקטאָר, אַ יונגערמאַן פון עטלעכע און
צוואַנציק יאָר, אַ דינער, אַ הויכער, קומט אַריין)

**וויקטאָר:**

אַ גוטער אָוונט אייך אַלעמען.

**אַלע:**

אַ גוטער אָוונט, וויקטאָר.

**ערשטער:**

פאַרוואָס אַזוי פאַרשפּעטיקט זיך היינט?

**וויקטאָר:**

פאַרשפּעטיקט זיך מיט קלייניקייטן אינדערהיים.
דער מאַמען האָט זיך געכאַלעמט אַ באַן איז אַרונטער פון די רעלסן,
איר אַלטע טיינע, איך זאָל זיך אַן אַנדער באַשעפטיקונג געפינען.
געדאַרפט זי באַרואיקן.

**ערשטער:**

האָסט איר ניט צוגעזאָגט אַוועקגיין פון די באַנען?

**אַן אַנדערער:**

ערשט איצט וועלן מיר דיך דאַרפן האָבן.

**נאָך איינער:**

אָן דיר באַם זייט וואָלט די אַרבעט שווער געפאַלן.

**וויקטאָר:**

(שווייגט אַ טרויעריקער אַ ווײַלע. גייט צו צום לאַנגן טיש)
אַ גלאָז ביר. (נעמט דאָס גלאָז ביר אין האַנט, טרינקט לאַנגזאַם. שווייגט).

**אַן ארבעטער:**

ס'געפעלט מיר ניט דאָס שווייגן זײַנס. אַ שלעכטער סימען.

**ערשטער:**

פאַרוואָס אַזאַ מין איינגעשפּאַרטער שווייגן, וויקטאָר?
האָסט ניט צוגעזאָגט דער מאַמען דײַנער אוועקגיין פון די באַנען, האַ, וויקטאָר?

**וויקטאָר:**

(גייט מיט לאַנגזאַמע טריט צו צום טישל וואו עס זיצן די אַרבעטער).
וואָס שטעלט איר מיר אַזעלכע פראַגעס?
ווי קען מען אַוועקגיין פון דעם צו וואָס מ'איז צוגעבונדן מיטן גאַנצן לעבן?
די באַנען זײַנען אונזערע! מיר דאַרפן אַף זיי ברענגען די נייע צייט.

**ערשטער:**

אַזוי איז גוט געזאָגט.

**צווייטער:**

כ'האָב באַלד געוואוסט, אַז אַנדערש קען ניט זײַן.

**אַן אַנדערער:**

וויקטאָר איז אונזערער. וועט שטיין מיט אונז צוזאַמען.

**ערשטער:**

באַלעבאָס, צו גלעזער ביר פאַר אַלעמען.
מיט וויקטאָרן צוזאַמען טרינקען.

**וויקטאָר:**

(פאַרטראַכט) מען דאַרף ניט.

**ערשטער:**

וויקטאָר, באַהאַלטסט עפּעס פון אונז.
כ'האָב דיך נאָך קיינמאָל אַזאַ טרויעריקן ניט געזען.

**וויקטאָר:**

כ'באַהאַלט גאָרנישט. ניטאָ וואָס צו באַהאַלטן.
איר ווייסט עס אַלע פּונקט ווי איך.

**ערשטער:**

מיינסט דעם באַפעל צו שניידן סכירעס?

**וויקטאָר:**

ס'איז מער ווי דאָס.

**צווייטער:**

וואָס מיינסטו?

**וויקטאָר:**

די באַן ברענגט אַהער אַ נייעם פּאַסאַזשיר,
אַ שקלאַפעריי אַ נייע. מ'טאָר עס ניט דערלאָזן.

**ערשטער:**

ס'איז איצט איננאַנצן אַנדערש.
דער באַלעבאָס פון לאַנד איז מיסטער היל, דער פּרעזידענט פון די באַנען,
ניט לינקאָלן.

**וויקטאָר:**

וועלן מיר אים לאָזן וויסן, אַז מיר דערלויבן ניט.

**אַן אַרבעטער:**

וועט ער זיך טאַקע דערשרעקן פאַר אונז.

**וויקטאָר:**

איז אָפּשטעלן די באַנען.
קיין איין ראָד זאָל זיך ניט באַוועגן.

**ערשטער:**

מיינסט, אַז מיר קענען עס באַווייזן?

(די אַרבעטער קוקן דערשטוינט אַף וויקטאָרן, ווי זיי וואָלטן ניט אינ־
גאַנצן פאַרשטאַנען).

**צווייטער:**

(מיט אַ ניט־זיכערער שטים) מיינסט . . . אָפּשטעלן ? . . .

**אַן אַנדערער:**

ווי שטעלט מען עס אָפּ באַנען ?

**נאָך איינער:**

ס'איז דיר אַ פערד, וואָס דו גיסט אַ צי די לייצעם — סטאָפּ ?

**נאָך איינער:**

דו וועסט זיי אָפּשטעלן, און זיי וועלן גיין . . .

**וויקטאָר:**

(איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געקוקט אַף די אַרבעטער מיט אַ
גוטמוטיקן אָבער פעסטן שמייכל).

מיר באַוועגן די באַנען און מיר שטעלן זיי אָפּ.

אַלע דאַרפן מיר נאָר וועלן, אונזער האַנט זאָל זיך נאָר ניט צורירן
צו די לאָקאָמאָטיוון.

**ערשטער :**

(שפּרינגט אוף מיט פּלוצלונגדיקער פרייד).

יאָ, געוויס, מיר באַוועגן זיי

און מיר וועלן זיי אָפּשטעלן !

(פוירהאַנג)

## בילד דריי

(אַ צימער אין פראָנט פון דעם פּריוואַטן צימער פון פּרעזידענט פון די אייזנבאַנען. צוויי אָנגעשטעלטע אַרבעטן אַף פאַרשיידענע פּאַפּירן).

**ערשטער אָנגעשטעלטער:**

זיי שפּילן זיך מיט פייער.
זיי ווייסן ניט מיט וועמען זיי האָבן דאָ צו טאָן.
זיי סטראַשען מיט אַ סטרייק!
נעשניטן סכירעס, טאָ איז וואָס?
געדאַרפט פאַרשטיין, אַז ווען מיסטער היל האָט אַזאַ באַפעל געגעבן
מיסטאָמע האָט ער זיך העלפן ניט געקענט.
נעשעפט האָט עס געפאָדערט.

**צווייטער:**

מיסטער היל טראָגט גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַף זיך.
ער דאַרף העלפן בויען דאָס, וואָס עס האָט דער בירגער־קריג צעשטערט,
און העלפן אָנהאַלטן די אויסגעקעמפטע פרייהייט.

**ערשטער:**

אים ווילן זיי לערנען, וואָס עס וויל דאָס פאָלק,
די גראָבע קעפּ, וואָס ווייסן נאָר ווי באַנען צו באַהייצן,
פאַריכטן רעלסן.
אים, צו וועמען דער העכסטער ריכטער פון דעם שטאַט,
רעדט פול מיט ערפורכט!
אַנשטאָט צו העלפן מיט אַלץ נאָר, וואָס מען קען,
ווי בירגער פון אַ גרויסן פרייען לאַנד;
אַנשטאָט צו העלפן פאָרזעצן די גרויסע אַרבעט,
וואָס פאָטער לינקאָלן האָט אָנגעפאַנגען,
קומען זיי גאָר שטערן.
איצט גיב זיי דאָס און שפּעטער — יענעס;
און דאַן . . . אפשר אַ באַן ־ באַהייצער פאַר אַ פּרעזידענט?

**צווייטער:**

אומדאַנקבאַרע! גיי גיב זיי פרייהייט!

**ערשטער:**

גיי פיר פאַר זיי אַ בירגער־קריג,
בוי אויף אַ לאַנד, זיי זאָלן האָבן וואו צו לעבן!

**צווייטער:**

ווי מיינסטו, וועט ער מיט זיי האַנדלען?

**ערשטער:**

ער וועט זיך שוין אַן אייצע געבן.
פאַרגעס ניט, אַז מיסטער היל
איז איינער פון די גרעסטע קעפּ אין לאַנד.
ווייסטו ווי מיסטער היל איז געוואָרן מיסטער היל?

**צווייטער:**

איך מיין, ער איז געבוירן מיט זיין מאַכט און רייכקייט.
ווי אַנדערש קען אַ מענטש? . . .

**ערשטער:**

אָט טאַקע דאָ הייבט זיך אָן דער וואונדער.
ס'איז מיסטער היל אַ קינד פון אָרעמע טאַטע־מאַמע.
דער טאַטע זיינער איז געווען אַן אָרעמער פאַרמער אין קענטאָקי,
געאַרבעט שווער פון ערשטן בליאַסק אָף טאָג,
ביז שפּעט נאָך זונענאונטערגאַנג.
זיין עלצטער זון, דער איצטיקער גרויסער מיסטער היל,
האָט צו פערצן יאָר געמוזט אַוועקגיין אַרבעטן.
ער האָט אָבער ניט געוואָלט קיין פאַרמער ווערן,
און לעבן אַ געמאַטערט לעבן, ווי זיין פאָטער.
איז ער אַוועק אַרבעטן אָף די אייזנבאַנען.
בעשאַס ער איז אַוועק, האָט ער געזאָגט צום פאָטער זיינעם:
„— פאָטער, אויב דו וועסט לעבן לאַנג,
וועל איך דיר ברענגען די אייזנבאַנען אַ מאַטאָנע".
ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג,
איז ער שוין געזעסן אין אַ קאַבינעט,

און אף דער טיר געווען איז אָנגעשריבן:
„מיסטער היל, סעקרעטער צום פּרעזידענט".
ער האָט אָבער דערפילט זיין בירגערלעכע פליכט צום לאַנד,
און ווי א גוטער פּאַטריאָט,
אריינגעטראָטן אין פּאָטער לינקאָלנס ארמיי,
און האָט געקעמפט פאַר אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי,
און קעגן דער צעטיילונג פון די שטאַטן.
ער איז אין קריג געפאַלן א פּארוואונדעטער.
א כּאַוועד זיינער האָט אים ארויסגעראַטעוועט,
געבראַכט אים אין שפּיטאַל אריין.
דעם טאָג, וואָס ער איז פון שפּיטאַל ארויס,
האָט נאָך דער סוינע אָפּגעפייערט דעם לעצטן שאָס
אין פּאָטער אייבראַהאַמס האַרץ אריין.
די פרייהייט, אָבער, די רעפּובליק,
איז שוין געווען געזיכערט.
ער איז אוועק צוריק אהינטער דער טיר,
וואו ס'איז געווען געדרוקט מיט שווארצן טינט דער נאָמען:
„מיסטער היל, סעקרעטער צום פּרעזידענט,"
און איצט . . . נו, דאָס איבעריקע ווייסטו שוין אליין.

**צווייטער:**

(מעדיטאַטיוו) אַז אָרעמען פּאָרמערס זון . . .
צו פערצן יאָר אַן אייזנבאַן באַהייצער . . .
(מיט באַגייסטערונג) הייסט עס, אַז . . .

**ערשטער:**

אַז וואָס?

**צווייטער:**

אַז איך . . . דו . . . מיר האָבן א געלעגנהייט צו ווערן . . .
(ווייזט מיטן פינגער אָף דער טיר, וואָס פירט צו הילס קאָבינעט)
אַן אָרעמען פּאָרמערס זון . . .

**ערשטער:**

געוויס! ערשט איצט ווען ס'האָלט דאָס לאַנד אין וואַקסן,
קען מען ווערן. אבי מען האָט נאָר סייכל.

נאָר אַרבעט און געדולד, און ס'וועט שוין קומען.
(הייבט זיך אויף, נעמט אַ פּאַפּיר אין האַנט.)
אַריינגיין ווייזן אים די ציפער, ווי מיר וואַקסן...
(גייט אַרויס).

**צווייטער:**

(קוקט צו דער טיר מיט באַוואונדערונג)
אַז אַרעמען פּאַרמערס זון...
(כאַפּט זיך שנעל צו די פּאַפּירן)
געדולד און אַרבעט... געדולד און אַרבעט!...

(פוירהאַנג)

# בילד פיר

(אַ רייך, באַלעבאַטיש הויז)

**עזעקיעל:**

און איך זאָג, אַז ער איז ניט פאַר אונזער טאָכטער.

**מיריאַם:**

ס'איז אַזוי באַשערט.

**עזעקיעל:**

באַשערט! ביזט שטענדיק דאָ מיט דיינע פרומע רייד.

**מיריאַם:**

קעטרין האָט אים ליב.

**עזעקיעל:**

וואָס ווייסט זי? וואָס פאַרשטייט זי?

זי איז אַ קינד, און עלטערן דאַרפן היטן זייערע קינדער פון טאָעסן.

**מיריאַם:**

ער איז אַן איידעלער.

**עזעקיעל:**

מיט זיין גאַנצער איידלקייט, איז ער פאָרט ניט אונזערער.

**מיריאַם:**

מיר זיינען דאָך אויך ניט מער ווי מענטשן.

**עזעקיעל:**

יאָ, מענטשן, אָבער וואָסערע מענטשן?

דער מענטש דאַרף גיין דעם וועג זיינעם אין לעבן שטיל,

אינזיינען האָבן זיינע נאָענטע,

בויען אַ היים אַ שטילע, און אַ פרידלעכע.

אַ שיינע היים וועט ער פאַר אונזער טאָכטער בויען.

**מיריאַם:**

איך ווייס, עס טוט מיר טאַקע ווי דאָס האַרץ פאַר אונזער טאָכטער.

נאָר וויקטאָר איז איר דאָך אַזוי געטריי. און זי האָט אים ליב.

**עזעקיעל:**

וואָס קומט אַרויס פון זיין געטריישאַפט,

אַז דער קאָפּ איז אים פול מיט משוגענע געדאַנקען?

שלעפּט זיך טאָג און נאַכט אַרום מיט אַרבעטער,

טרינקט מיט זיי צוזאַמען, רייצט זיי אָן דער טייפל ווייסט אַף וואָס,

און שטעלט אַליין דעם קאָפּ אונטער געפאַרן.

**מיריאַם:**

ער איז יונג. ער וועט זיך אויסמענטשלען.

**עזעקיעל:**

נאַרישקייטן! מיר זיינען אויך יונג געווען, דו הערסט,

אויך יונג געווען, און געלעבט ווי גאָט און לייט האָבן געבאָטן.

**מיריאַם:**

שריי ניט אַזוי. קעטרין וועט זיך דערשרעקן.

**עזעקיעל:**

זאָל זי הערן. איינמאָל פאַר אַלעמאָל דאַרף מען מיט איר ריידן.

(שרייט אַרויף צו די טרעפּ)

קעטרין... קעטרין...

**מיריאַם:**

זונטיק, איידער מיר גייען צו טפילע?

**עזעקיעל:**

איידער מיר גייען, וועלן מיר נאָכדעם מיט לייכטערע געמיטער

גאָטס הויז באַטרעטן.

**קעטרין:**

(קומט אַרונטער)

גוט־מאָרגן, מוטער. (צעקושן זיך)

גוט־מאָרגן, פאָטער. (צעקושן זיך)

האָסט מיך גערופן, פאָטער?

**מיריאַם:**

(וויל פאַרמיידן דעם שמועס)

דער פאָטער מיינט, אַז ס'איז שוין צייט צו גיין צו טפילע.

**עזעקיעל:**

(מיט געמאַכטער רואיקייט)

כ'האָב דיך גערופן, טאָכטער.

שוין לאַנג געוואָלט זיך דורכריידן מיט דיר.

**קעטרין:**

(טוליעט זיך צו דער מוטער, קוקט מיט צעשראָקענע אויגן)

היינט, זונטיק ?

**מיריאַם :**

דאָס זאָג איך דאָך ; מיר וועל פאַרשפּעטיקן צו טפילע.

**עזעקיעל:**

(קוקט אָף זייביידן מיט ליבע)

איר זענט ביידע קינדער.

איר ווילט פאַרמיידן דאָס אומפאַרמיידלעכע.

**מיריאַם :**

אָבער עזעקיעל . . .

**עזעקיעל:**

נו, גוט, ניט ריידן.

אָבער וויסן זאָלסטו, טאָכטער, אַז איך וויל אים ניט.

עס נעפעלן מיר ניט די גאַנגען זיינע.

**קעטרין:**

(טוליעט זיך צו דער מוטער)

די גאַנגען זיינע, פאָטער ? איך פאַרשטיי דיך ניט.

פאַר גערעכטיקייט, פאַר עמעס ! . . .

**עזעקיעל:**

וואָס ווייסטו, קינד, וואָס עס הייסט גערעכטיקייט ?

ער האָט דיר איינגערעדט !

**מיריאַם :**

(האַלב שטיפעריש)

האָסטו מיר ניט איינגערעדט קיין זאכן, אַלטער ?

**עזעקיעל:**

(וואַרפט אַ בייזן בליק)

איך האָב איינגערעדט, אָבער ניט וועלטן איבערקערן.
ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַזוינס,
וואָס איז ניט אונזערס.

**קעטרין:**

וואָס איז אונזערס?

**עזעקיעל:**

אַכצן יאָר געלעבט אונטער מיין דאַך,
און וויים ניט, וואָס איז אונזערס!
די שטוב איז אונזערס!
אונזער אייגן לעבן איז אונזערס!
וואָס האָבן מיר צו טאָן מיט די אייזנבאַן־אַרבעטער?

**קעטרין:**

(מוטיקער)
זיי זיינען מענטשן, פאָטער!

**מיריאַם:**

(פרום) אַלע מענטשן זיינען באַשאַפן אין גאָטס פורעם.

**עזעקיעל:**

(צערנט שוין) ....
אַלע מענטשן זיינען באַשאַפן אין גאָטס פורעם,
אָבער גאָט האָט געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן מענטש און מענטש.
מיר זיינען אַנדערש פון זיי . . .

**קעטרין:**

(בעטנדיק)
פאָטער, רייד ניט אַזוי בייז...

**עזעקיעל:**

(האָט כאַראַקטער. שטילער)
ביזט פאַרפירט, קינד. ער האָט דיר פאַרטונקלט די געדאַנקען.
אַ יונג ווי ער, האָט געקענט דערגרייכן וואָס אין לעבן.
ער וואָלט בא אונז אין דער פאַרטיי געוואַקסן, ווי לינקאָלן איז געוואַקסן,
נעמט ער און ווערט אַן אייזנבאַן־אַרבעטער, און בונטעוועט.

אַ קרומער וועג, ניט אונזער וועג.

**קעטרין:**

(קוקט אומרואיק צו דער טיר. גייט צו צו עזעקיעל, בעטנדיק)

פּאָטער, האָב געדולד מיט אים.

וועסט זען, וועסט נאָך מיט וויקטאָרן שטאָלצירן.

**עזעקיעל:**

פאַרלאָז זיך אויף מיר, טאָכטער.

דער פּאָטער דיינער' וועט דיר קיין שלעכטס ניט טאָן.

(וויקטאָר קומט אַריין אַ מונטערער, אַ פריילעכער)

**קעטרין:**

(שטיל, בעטנדיק)

איך בעט דיך, פּאָטער . . .

**וויקטאָר:**

גוט־מאָרגן . . .

**עזעקיעל:**

(ברויגעז)

גוט־מאָרגן.

**מיריאָם:**

(מיט געמאַכטער אופגעלעבטקייט)

גוט־מאָרגן, וויקטאָר. פּונקט אין צייט.

וועסט אונז באַגלייטן אין גאָטס הויז.

**קעטרין:**

(לויפט צו צו אים)

וויקטאָר. (ווי זוכנדיק שוץ אין זיין נאָמען) וויקטאָר . . .

**וויקטאָר:**

קוקסט אוים דערשראָקן, קעטרין.

**מיריאָם:**

וואָס פּאַלט דיר איין דערשראָקן? מיר קלייבן זיך צו טפילע.

**עזעקיעל:**

איך האָב דיך היינט דאָ ניט דערוואַרט.

**וויקטאָר:**

קעטרין האָט געוואוסט, אַז איך וועל קומען.

איך האָב איר פאַרשפּראָכן אַריינקומען אויף עטלעכע מינוט,

אויפן וועג צו דער פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער.

**עזעקיעל:**

(קוקט אויף מיריאַמען מיט פייערדיקע אויגן)

הערסט מוטער, אין גאָטס טאָג מאַכט מען פאַרזאַמלונגען פון אַר־בעטער..

**מיריאַם:**

(לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט שולדיק געווען אין דעם).

פאַר אונז איז גאָטס טאָג הייליק.

**וויקטאָר:**

הייליק, אָבער נאָר פאַרן מענטשן, און צוליב דעם מענטשן.

**עזעקיעל:**

הערסט, מוטער, נאָר פאַרן מענטשן, און גאָרנישט ניט פאַר גאָט . . .

**מיריאַם:**

(מיט שטילער הכנעה)

איך ווייס, אונז האָט מען ניט אַזוי געלערנט.

**עזעקיעל:**

יונגערמאַן, איך וויל זאָלסט מיר דערקלערן:

וואָס איז דער מענטש אָן גאָט?

אויב נאָר פאַרן מענטשן, מעג מען דאָך אַלץ טאָן,

רויבן, מאָרדן, דער מענטש זאָל רייך ווערן,

און וואוילטאָג לעבן.

**וויקטאָר:**

(קוקט אים אָן מיט אַ לייכטן, אומעטיקן שמייכל)

דער מענטש אָן גאָט איז עפּשער גאָרנישט,

וואָס, אָבער, איז גאָט אָן מענטש?

גאָט לעבט נאָר דאַן, ווען דער מענטש טראָגט אים אין האַרצן.

(מיט געצאַמטן עקסטאַז)

קענן רויב און מאָרד וויל איך דאָך דער מענטש זאָל גיין,

גיין פאַר זיך, גיין פאַר גאָט . . .

**קעטרין:**

(זאָגט אים נאָך:)

גיין פאַר זיך . . . גיין פאַר גאָט ! . . .

**עזעקיעל:**

(מיט אָפּשיי פאַר וויקטאָרס באַגייסטערונג)

ווי גייט דער מענטש פאַר זיך און פאַר גאָט ?

**וויקטאָר :**

אז ער גייט פאַרן מענטשן, גייט ער שוין פאַר גאָט.

**מיריאַם :**

(טוט אָן דאָס היטעלע)

איך ווייס, מיך האָט מען געלערנט,

אז גאָט פירט דעם מענטשן.

**וויקטאָר :**

גאָט פירט דעם מענטשן דורך אים אַליין,

דורך מענטש.

**עזעקיעל:**

יונגערמאַן, עס האָבן קליגערע פון דיר דעם וועג געפונען פאַרן מענטשן,

דער וועג איז, ווי דער פאַסטאָר זאָגט, גאָטס הויז,

און דורך גאָטס הויז אַליין קען זיך דער מענטש מיט אים פאַרבינדן.

**וויקטאָר :**

דער פאַסטאָר איז אַ קלוגער מענטש,

ער האָט אָבער נאָך ניט דערזען דעם מענטשן.

**עזעקיעל:**

הערסט, מוטער, דער פאַסטאָר האָט נאָך ניט דערזען דעם מענטשן.

דו האָסט אים יאָ דערזען !

אַזעלכע רייד וויל איך אין גאָטס טאָג ניט הערן.

ס'איז לעסטערונג !

**קעטרין:**

(קוקט מיט שרעק אַפן פּאַטער)

ער לעסטערט ניט, פּאַטער . . .

**מיריאַם:**

פּאַטער, מען טאָר זיך אין גאָטס טאָג ניט קאַעסן.

(קוקט אַרויס דורכן פענצטער)

די וואַטסאַנס גייען שוין.

**וויקטאָר:**

ניט לעסטערן בין איך געקומען,

נאָר דעם מענטש צו גאָט דערהייבן.

**עזעקיעל:**

(קוקט אים אָן שאַרף)

יונגערמאַן, דו רעדסט פון היץ.

געציילטע בלויז דערהייבן זיך צו אים,

און זיי פירן אונז.

און מיר די איבעריקן דאַרפן גלויבן.

**וויקטאָר:**

פאַרוואָס געציילטע? פאַרוואָס ניט אַלעמען דערהייבן?

דער מענטש איז דאָך אַ טייל פון אים,

טראָגט זיין עמעס, ברענגט זיין גערעכטיקייט.

**קעטרין:**

וויקטאָר וויל דאָס אייגענע וואָס דו, פּאַטער.

**עזעקיעל:**

(מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן)

ער וויל דאָס אייגענע,

און אין גאָטס טאָג גייט ער צו אַרבעטער פאַרזאַמלונגען!

**וויקטאָר:**

ווייל דער מענטש שטייט אין סאַקאַנע . . .

**עזעקיעל:**

זאָל ער גיין גאָט בעטן, וועט ער אים העלפן.

**וויקטאָר:**

צוערשט דאַרף ער אַליין זיך העלפֿן.

**עזעקיעל:**

(טוט אַ מאַך מיט דער האַנט — צו מיריאַמען)

רעד דו מיט אים. איך קען ניט.

(לאָזט זיך גיין צום אַנדערן צימער. קערט זיך אום)

קעטרין, מאַך זיך גרייט.

**קעטרין:**

יאָ, פֿאָטער.

**וויקטאָר:**

גיי, קעטרין, טו זיך אָן,

ס'איז היינט גאָטס טאָג . . .

**קעטרין:**

(מיט פֿרייד)

יאָ, וויקטאָר, ס'איז היינט גאָטס טאָג.

**מיריאַם:**

אייל זיך, קעטרין. דער פֿאָטער וועט באַלד אַרויסקומען אָנגעטאָן.

(גייט אַרויס).

**קעטרין:**

כ'האָב מורא, וויקטאָר.

דער פֿאָטער איז איינגעשפּאַרט . . .

ער וועט קיינמאָל ניט צושטימען . . .

**וויקטאָר:**

איז אָן זיין צושטימונג.

**קעטרין:**

(קוקט אים אין די אויגן אַריין).

כ'האָב ליב דיין מוט . . . און דיינע רייד,

אַזעלכע מאָדנע, נאָר כ'האָב זיי ליב אַזוי . . .

**וויקטאָר:**

ווי איך דיך . . .

**קעטרין:**

מיר וועלן זיך אייביק ליב האָבן . . .

**וויקטאָר:**

מיר וועלן טראָגן אונזער ליבע צו דער וועלט...

(פּלוצלינג) וויקטאָר . . .

**וויקטאָר:**

וואָס איז, קעטרין ?

**קעטרין:**

וואָלסט געוואָלט זיין אַזוי גרויס ווי לינקאָלן ?

**וויקטאָר:**

פאַרוואָס ווי לינקאָלן ?

**קעטרין:**

וואָלסט דאָן געהאַט די מאַכט צו טאָן דאָס, וואָס דו ווילסט.

דער פאָטער זאָגט, וואָלסט געקענט וואַקסן,

און ווערן אַזוי גרויס ווי יענער,

אַ העלד באַם פאָלק . . .

**וויקטאָר:**

אַ העלד באַם פאָלק . . . אַ מענטש נאָר באַ איינצעלנע . . .

כ׳וויל זיין אַ מענטש . . . און דאָס אַליין איז שוין גענוג.

**עזעקיעל:**

(קומט ארויס אין יאַנטעוודיקן מאַנטל. מיריאָם נאָך אים)

(שטרענג): נו, קעטרין ?

**מיריאָם:**

(קוקט פאַרלוירן) קעטרין . . .

**קעטרין:**

יאָ, מוטער. (לויפט ארוף די טרעפּ)

(אין צימער איז שטיל. עזעקיעל קוקט ניט אף וויקטאָרן. מיריאָם דרייט דאָס שירעמל אין דער האַנט)

**וויקטאָר:**

(גייט צו דער טיר:)

**צו מיין מענטש דאַרף איך אויך קומען אין צייט.**

**אַ גוטן טאָג! (גייט אַרויס)**

**קעטרין:**

(קומט אַרונטער. זוכט מיט די אויגן וויקטאָרן)

**ער איז שוין אַוועקגעגאַנגען?**

(קיינער ענטפערט ניט. עזעקיעל נעמט מיריאַמען אונטערן אָרעם. קעטרין הינטער זיי. גייען אַרויס שווייגנדיק.)

(פוירהאַנג)

# בילד פינף

(אַ שענק)

**אַן אַרבעטער:**

נו, אַ צייט. צי האָט זיך וועמען ס'איז נעבאָלעמט,
אַז עס וועט אָנקומען בא אונז אין לאַנד אַ צייט אַזאַ?

**ערשטער אַרבעטער:**

אַ צייט אַ גרויסע, און דאָס איז ערשט אַן אָנהייב.
די יעניקע פון אונז, וואָס האָבן נאָך בא גאָט אַ צעטל יאָרן,
וועלן נאָך זען שטורעמדיקע טעג.

**אַן אַנדערער:**

און מיר האָבן געמיינט: מיר לעבן אין אַ לאַנד פון מילך און האָניק.
גאַניידן אַף דער ערד, אַזוי האָבן אַלנפאַלס, געוואָלט די פאָטערס,
וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר דער רעפּובליק.

**נאָך איינער:**

נאָך איצטער רעדט דער פּאַסטאָר פון דער בימע,
ווי אַלץ וואָלט שטיל און גוט געווען.
ערשט לעצטן זונטיק אין זיין דראָשע, —
אויב ניט אין לאַנד, איז פון זיין מויל געראָנען האָניק.
„— עטוואָס נידעריקער פון אַ מאַלאַך האָט ער אים באַשאַפן,
דאָס איינציקע וואָס ר'האָט פאַרפעלט איז אים צו געבן פליגל." —
אַזוי האָט ער געדאַרשנט וועגן מיסטער היל.
אונז אַלעמען גערופן גאָט־לעסטערער.
אַז איך האָב זיך אויפגעהויבן און בין אַרויס, האָט ער מיר נאָכגע־
שריען:
„— וועסט פאַרפוילט ווערן אין געהענעם!" —
„— דאָס וועלן מיר נאָך זען," האָב איך צוריקגעוואָרפן,
און האָב פאַרהאַקט אַהינטער זיך די טיר.

**אַן אַנדערער:**

האָסט בראַוו געהאַנדלט, זאָל גאָט מיר אַזוי העלפֿן.

**אַ פּאַרמער:**

אַזוי גערעדט צום פּאַסטאָר, גאָטס אויסדערוויילטן,
זיין הייליקן פֿאַרטרעטער אויף דער ערד?

**אַ קרעמער:**

גיי מאָרגן, און אַנטשולדיק זיך פֿאַר אים,
האָב כאַראָטע, וועט דיר גאָט מוחל זיין.

**אַן אַרבעטער:**

גאָטס אויסדערוויילטער דאַרף ליב האָבן אַלע מענטשן,
ניט נאָר די, וואָס שטייען בײַ דער מאַכט.

**אַן אַנדערער:**

גאָט האָט ניט געהייסן שניידן סכירעס,
און ניט פֿאַרלענגערן די אַרבעט־שטונדן.

**קרעמער:**

איך זאָג, אַז אַלץ האָט צו טאָן מיט גאָט.
ער פֿירט די וועלט.

**ערשטער אַרבעטער:**

לאָזט גאָט צורו. מיר האָבן צו טאָן מיט מיסטער היל,
און די, וואָס שטייען הינטער אים.

**אַן אַרבעטער:**

ער וועט זיך אַזוי גיך ניט לאָזן בייגן.

**ערשטער:**

מיט וועמען וועט ער זיינע באַנען טרייבן?

**צווייטער:**

קיין מענטש וועט ניט פֿאַרבלייבן אויף זיין פּאָסטן,
נאָכדעם ווי מיר וועלן באַשליסן סטרייקן.

**אַן אַרבעטער:**

און ווי וועט זיין, אַז ניט אַלע וועלן פֿאָלגן?

**ערשטער:**

אזוינס וועט ניט געשען! איך האָב מיט אַלעמען גערעדט.

מ׳איז גרייט! איין וואָרט פון וויקטאָרן,

און ס׳בלייבן שטיין פּאַראַליזירט די באַנען.

**אַן אַנדערער:**

מ׳עט זיך דערשרעקן. ניט טרויען.

נאָך אַלעמען, איז וויקטאָר מער ניט ווי אַ באַן־באַהייצער.

**ערשטער:**

און וואָס האָסטו געוואָלט, אַ גענעראַל?

נאַרישקייטן! און יעזוס, וואָס איז געווען? אַ סטאָליער.

**אן ארבעטער:**

מ׳זאָגט דער גאָווערנאָר האָט זעלנער צוגעגרייט.

און וואָס וועט זיין, אַז מען וועט שיסן?

**ערשטער:**

וועט מען זיך פאַרטיידיקן!

**פּאַרמער:**

גאָטס זון איז געקומען אין נאָמען פון פרידן.

**ערשטער:**

און רעכט! מיר פאָדערן אונזער רעכט.

מיר ווילן לעבן, איר הערט? לעבן ווי מענטשן ווילן מיר . . .

(צוויי אַרבעטער דעלעגאַטן קומען אַריין האַסטיק, צעטומלט).

**ערשטער:**

אָט זיינען זיי. נו, וואָס הערט זיך?

**צווייטער:**

מ׳האָט אייך אַריינגעלאָזט צו אים?

**אן ארבעטער:**

וואָס שווייגט איר?

**ערשטער דעלעגאַט:**

ס׳האָט וויקטאָר . . .

**ערשטער אַרבעטער:**

(שלאָגט אים איבער) וואָס האָט וויקטאָר?

**צווייטער ארבעטער:**

איז עפּעס וואָס געשען מיט וויקטאָרן ?

**אַן אנדערער:**

מיר וועלן פאָדערן רעכענונג !

**ערשטער דעלעגאט:**

ניין, ניין, לאָזט ריידן . . .

**צווייטער דעלעגאט:**

וואָס פאַלט איר אין די רייד אריין ?!

**ערשטער ארבעטער:**

טאָ רעד, צום טייפל ! . . .

**ערשטער דעלעגאט:**

ס'האָט וויקטאָר היינט באוויזן וואָרן וואונדער.

**צווייטער דעלעגאט:**

איך זאָג, יעזוס איז אין אונזערע רייען.

**ערשטער דעלעגאט:**

אַזוינס האָב איך פון אים גאָרניט דערוואַרט.

**צווייטער דעלעגאט:**

איך גלויב נאָך איצט ניט מיינע אייגענע אויערן.

**ערשטער ארבעטער:**

אַרויס מיט לאָשן ! וואָס איז געשען ?

**ערשטער דעלעגאט:**

. . . אַזוי ווי מיר קומען אריין אין פאָדערצימער,
איז די טיר, וואָס פירט צום קאַבינעט זיינעם פאַרמאַכט.
דער נאָמען סטאַרטשעט אַף דער טיר אין גרויסע שוואַרצע אויסיעס,
אין פאָדערצימער זיצן אַ פּאָר וויים־קאָלנערדיקע יונגעלייטלעך,
און האָבן מוירע הויך אַ וואָרט צו ריידן.
זיי זיצן מיט בלייפעדערס און האַלטן אַלץ אין איין פאַרשרייבן.
עס הייבט זיך אוף איין יונגערמאַן, אַ דינער ווי אַ שטעקן —
נעם טו אַ בלאָז און ער'ט אַוועקפליען.
— „וואָס פאַרלאַנגט איר?" פרעגט ער.
— „מיר ווילן," זאָג איך, „זען דעם מיסטער היל."

ער פירט אונז אריין. אז מיר דערזעען אים
ווערט, דעם עמעס זאָגנדיק, אביסל קאַלט אַף דער נעשאָמע.
— "וואָס ווילט איר?" פרעגט ער אין אַ שטרענגן טאָן.
— „עס האָבן אונז געשיקט אהער," זאָג איך, „די ארבעטער, מיר זאָלן . . ."
און איידער כ'האָב נאָך צייט געהאט ארויסצורעדן,
אזוי טוט ער זיך אַ הייב אוף, אַ יונג אַ ריז . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

און נעמט אונז ביידן פאַר די קאָלנערס,
און שליידערט אונז ארויס אין פּאָדערצימער, און פארהאַקט די טיר...

**ערשטער דעלעגאַט:**

און די „ווייסע קאָלנערלעך" קוקן אונז אָן,
און לאַכן אַ פּוסט געלעכטערל.
— „וואָס טוט מען איצט," פרעג איך אים. (ווייזט אָפן צווייטן).
— „מיר וועלן גיין," זאָגט ער, „צו וויקטאָרן."
מיר קומען צו וויקטאָרן און דערציילן אים די מייסע.
ער הערט זיך איין און כ'זע ווי ס'ווערט זיין פּאָנים רויט פון צאָרן.
די אויגן צינדן זיך אים אָן.
און אָט טוט וויקטאָר זיך אַ הייב אוף, נעמט דאָס היטל,
— „קומט," זאָגט ער, „מיר וועלן גיין צוזאַמען". . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

— „וואוהין?" פרעג איך.

**ערשטער דעלעגאַט:**

— „צום מיסטער היל," מאַכט ער . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

— „אָבער, וויקטאָר," זאָג איך, „מיר קומען ערשט פון דאָרטן . . ."

**ערשטער דעלעגאַט:**

— „האָסט באַדאַרפט", זאָג איך, „אים אָנקוקן, אַ יונג אַ ריז,
און אויגן אָנגעגאָסענע מיט סינע . . ."

**צווייטער דעלעגאַט:**

— „קומט," זאָגט ער, „מיר וועלן גיין!"

**ערשטער דעלעגאַט:**

און אַלע דריי צוזאַמען זײַנען מיר אַוועק.
וויקטאָר פֿאָראויס און מיר נאָך אים . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

. . . די „ווייסע קאָלנערס" קוקן אונז אָן מיט כוויזעק־שמייכעלעך,
און ווינקען איינס צום אַנדערן זיך איבער: „— געבראַכט אַ נייעם העכט . . ."

**ערשטער דעלעגאַט:**

עס הייבט זיך אויף דערזעלבער „ווייסער קאָלנער,"
און גייט צו צו וויקטאָרן מיט אַ כוויזעק־שמייכעלע אויף די ליפּן . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

. . . „וואָס פֿאַרלאַנגסטו?" פֿרעגט ער . . .

**ערשטער דעלעגאַט:**

. . . „כ'וויל זען דעם מיסטער היל," מאַכט וויקטאָר,
און קוקט שאַרף אָן דעם „ווייסן קאָלנער".

**צווייטער דעלעגאַט:**

. . . און באַלד פֿאַרשווינדט בײַ יענעם דער שמייכל אויף די ליפּן.

**ערשטער דעלעגאַט:**

— „צו וואָס דאַרפֿסטו מיסטער היל?" פֿרעגט אים דער „ווייסער קאָלנער."

**צווייטער דעלעגאַט:**

— „איך וויל אים אויסדריקן מײַן גרויסע באַוואונדערונג און מײַן אַכטונג," מאַכט וויקטאָר . . .

**ערשטער דעלעגאַט:**

— „מיסטער היל האָט אָנגעזאָגט קיינעם ניט אַרײַנלאָזן," מאַכט יענער.

**צווייטער דעלעגאַט:**

. . . זאָגט וויקטאָר גאָרנישט מער,
נאָר רײַניקט אָפּ פֿון וועג דעם „ווייסן קאָלנער,"
און לאָזט זיך גלײַך צו מיסטער היל אין קאַבינעט אַרײַן . . .

**ערשטער דעלעגאַט:**

. . . און מיר נאָך אים . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

. . .איך הער ווי ס'זאָגט איין „ווייסער קאָלנער" צו דעם צווייטן:

— „ס'עט באַלד זיך טאָן. לאָז נאָר דער אַלטער אַריינגיין אין דער אַרבעט.

מער ניט, ס'עט אים אויספעלן אַ דריטע האַנט,

מיט איינמאָל אַלע דריי זיי אָננעמען פאַר די קאָלנערס . . ."

**ערשטער דעלעגאַט:**

— „כ'בין דאָ צו ריידן מיט דיר קלאָרע ווערטער

אין נאָמען פון די אַרבעטער," מאַכט וויקטאָר,

און קוקט אַף אים מיט פייערדיקע אויגן,

און נעמט אפילו ניט אַראָפּ דאָס היטל . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

איך וואַרט, אָט וועט ער זיך אופהייבן, ווי ס'פריערדיקע מאָל,

וועט אונז אַ נעם טאָן פאַר די קאָלנערס, און בוכע אַרויס.

נאָר יענער הייבט זיך ניט פון אָרט, ווי צוגעשמידט . . .

**ערשטער דעלעגאַט:**

מיר קוקן זיך ביידע אָן (ווייזט אַפן צווייטן).

און ביידע זיינען מיר קימאַט אַנטוישט...

**צווייטער דעלעגאַט:**

— „איך וויל," מאַכט ער, „זאָלסט וויסן,

אַז כ'האָב אין דר'ערד דיין גאָט־פאַרדאַמטע יוניאָן . . ."

**ערשטער דעלעגאַט:**

„— און איך וויל זאָלסט וויסן, אַז כ'האָב אין דר'ערד

דיין גאָט־פאַרדאַמטע אייזנבאַן־געזעלשאַפט," מאַכט וויקטאָר.

„כ'בין ניט געקומען הערן דיין מיינונג וועגן אונז.

כ'בין געקומען אויסגעפינען, וואָס דו דענקסט צו טאָן וועגן אונזערע פאָדערונגען . . ."

**צווייטער דעלעגאַט:**

. . . נו, איצט, טראַכט איך באַ זיך,

וועט ער זיכער אונז אַרויסוואַרפן.

**ערשטער דעלעגאט:**

נאָר ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן.

יענער קוקט אָן וויקטאָרן, לעגט זיך אָן אין ווענטל פון דער שטול,

טוט טראַכטנדיק אַ גלעט דאָס אָפּגעפּוצטע בערדל זיינס . . .

**צווייטער דעלעגאט:**

— „ווי אַזוי," פרעגט ער, „ביזטו אַריין אהער?"

**ערשטער דעלעגאט:**

„— ניט דיין פאַרדאַמטער אייסעק!" מאַכט וויקטאָר.

**צווייטער דעלעגאט:**

. . . און אָט אַזוי אַ גאַנצע שאָ . . .

**ערשטער דעלעגאט:**

און נאָכדעם איז געוואָרן פּלוצלינג שטיל . . .

**צווייטער דעלעגאט:**

„דיין ענטפער!" מאַכט וויקטאָר אין אַ פּאָר מינוט אַרום . . .

**ערשטער דעלעגאט:**

און יענער טראַכט אַ וויילע, און נאָכדעם:

— „אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך אייך לאָזן וויסן, מיינע הערן.„

איר הערט: „מיינע הערן!" . . .

**צווייטער דעלעגאט:**

— „גוט", זאָגט וויקטאָר און לאָזט זיך גיין צום טיר . . .

**ערשטער דעלעגאט:**

און מיר נאָך אים ווי אין אַ כאָלעם . . .

**צווייטער דעלעגאט:**

אַז מיר קומען צו צום טיר, מאַכט היל:

— „יונגערמאַן, וואַרט איין מינוט, איך וויל מיט דיר וואָס רעדן . .

**ערשטער דעלעגאט:**

— „איך ווייס, וואָס דו ווילסט זאָגן," מאַכט וויקטאָר,

„איך וואָלט געדאַרפט אַרבעטן פאַר דיר.

געקענט פאַרדינען גאָלד" . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

— „ווי אַזוי האָסטו געטראָפן?" מאַכט יענער.

**ערשטער דעלעגאַט:**

— „איך שטוים מיך אָן," מאַכט וויקטאָר,
און לאָזט זיך צו דער טיר . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

און מיר נאָך אים, אַזוי ווי אין אַ כאָלעם.

**ערשטער דעלעגאַט:**

און די „ווייסע קאָלנערלעך" קוקן אונז נאָך,
ווי זיי וואָלטן געזען ניט מענטשן גיין, נאָר גייסטער . . .

**צווייטער דעלעגאַט:**

. . . נו, ווי געפעלט עס אייך? . . .

**אַן אַרבעטער:**

אין וויפיל טעג, האָט ער געזאָגט, וועט ער לאָזן וויסן?

**ערשטער דעלעגאַט:**

אין עטלעכע טעג אַרום.

**אַן אַנדערער:**

ער דאַרף געניג צייט אַף צוצוגרייטן סטרייק־ברעכער.

**ערשטער אַרבעטער:**

וואו וועט ער זיי נעמען?

**קרעמער:**

ס'איז דאָ געניג.
וועט האַלטן שלעכט, וועלן זיך די בירגער אָרגאַניזירן.

**פּאַרמער:**

די באַנען טאָרן ניט אָפּגעשטעלט ווערן.

**ערשטער אַרבעטער:**

און מיר זיינען קיין בירגער ניט?
קעגן אונז וועט איר אַרויסטרעטן?

**קרעמער:**

מיר ווילן פאַרמיידן אַ צווייטן בירגער־קריג.

**פאַרמער:**

יע, פאַרמיידן אַ צווייטן בירגער־קריג.

**ערשטער אַרבעטער:**

איר וועט אים ברענגען !

**קרעמער :**

אונזערע זין פון די שולן וועלן מיר שיקן אַף די באַנען.

**פאַרמער:**

אונזערע זין וועלן מיר שיקן !

**ערשטער ארבעטער:**

איר וועט ניט וואַגן ! . . . איר . . . (לאָזט זיך צו זיי)

(וויקטאָר קומט אַריין)

**וויקטאָר:**

וואָס שרייט מען דאָ אזוי ?

(עס ווערט פלוצלינג שטיל)

גוטנאָוונט, בירגער !

**ערשטער אַרבעטער :**

ווילקאָמען, וויקטאָר.

איך גראַטוליר דיך מיט דיין זיג.

**צווייטער:**

איצט וויים ער ווער באַן־באַהייצערס זיינען.

**אַן אנדערער:**

האָסט טאַקע גערעדט צו אים אַזוי־אָ פּאָשעט ווי זיי דערציילן ?

**וויקטאָר:**

פּאָשעט, ווי איין מענטש צו אַ צווייטן.

**נאָך איינער:**

פיר אונז, וויקטאָר, און מיר וועלן טאָן, וואָס דו וועסט הייסן !

**וויקטאָר:**

(גייט צו צו אים, קוקט אים אין די אויגן).

טו דאָס, וואָס דיין האַרץ און דיין געוויסן הייסן.

וועסט זיך פאַרלאָזן אַף פירערס, וועט דיך איינער אַרויספירן פון מידבער

און דער צווייטער וועט דיך צוריק אַריינפירן . . .

(מיט עקסטאַז צו אַלעמען):

צוזאַמען, ברידער, און אונזערס איז געוואונען!

און איצט וועלן מיר אויסטרינקען צו גלעזער ביר,

צום קאַמף פאַר פרייען מענטש!

**אלע:**

צום קאַמף פאַר פרייען מענטש! (הייבן אוף די גלעזער)

**וויקטאָר:**

(צום קרעמער און פאַרמער)

און איר, בירגער?

**קרעמער:**

איך טרינק ניט צו קיין קאַמפן.

**פאַרמער:**

גענוג געקעמפט, איצט דאַרף מען בויען!

**וויקטאָר:**

געוויס, אַ פריי לאַנד מיט פרייע מענטשן!

**קרעמער:**

ניט ווי איר האָט זיך פאַרנומען.

**פאַרמער:**

אומגליק וועט איר ברענגען אַפן לאַנד.

בירגער־קריג און בלוט!

**וויקטאָר:**

מיר וועלן אין דעם ניט שולדיק זיין!

**ערשטער אַרבעטער:**

די בירגער וועלן זיי אָרגאַניזירן ! . . .

די זין וועלן זיי שיקן ! . . .

**קרעמער:**

מיר וועלן שיקן ! . . .

**פּאַרמער:**

די באַנען טאָרן ניט אָפּגעשטעלט ווערן ! . . .

**ערשטער אַרבעטער:**

איך זאָג נאָכאַמאָל: איר וועט ניט וואַגן ! . . .

אז ניט . . . (לאָזט זיך מיט אַ פויסט צו די צוויי).

**וויקטאָר:**

(האַלט אים אָפּ) האַלט איין ! עס וועט צונויז קומען אַף שפּעטער.

(קרעמער און פּאַרמער הייבן זיך אוף און גייען צו דער טיר)

**קרעמער:**

מיר וועלן שיקן ! די זין אונזערע וועלן מיר שיקן.

**פּאַרמער:**

די באַנען מוזן לויפן !

**וויקטאָר:**

(הייבט ווידער אוף דאָס גלאָז ביר)

צום קאַמף פאַר פרייען מענטש !

**אַלע:**

פאַר פרייען מענטש ! . . .

(פורהאַנג)

# קאַמף

## בילד זעקס

(אַ צימער אין דעבסעס הויז. דעבס און פּעטערס, דער פּרעזידענט פון די געווערקשאַפטן).

**פּעטערס:**

איך מיין, אַז דו איבערטרייבסט שוין אַביסל,
די מייסע מיט דעם געהאַלט, וואָס דו האָסט זיך אַליין געשניטן,
איז שוין אַביסל צופיל.
וואָס האָט עפּעס דיין ווייב צו זאָגן וועגן דעם ?

**דעבס:**

מיין ווייב שטימט איין צו אַלצדינג, וואָס איך טו.

**פּעטערס:**

אָבער לעבן דאַרפן מיר דאָך אויך.
ס'קאָסט געלט אַ באַלעבאַטישקייט צו פירן.
די פּרייזן זיינען הויך.

**דעבס:**

מיר דאַרפן ניט לעבן בעסער ווי זיי לעבן.
מיר זיינען מענטשן, די זעלביקע ווי זיי,
ניט בעסער און ניט ערגער.
וואָלט איך געקענט אינגאַנצן אויסקומען
אָן דעם געלט, וואָס איך קריג,
וואָלט איך מיט פאַרגעניגן אַוועקגעשענקט זיי יעדן סענט.

**פעטערס:**

קיין דאַנקבאַרקייט וועסטו פאַר דעם ניט קריגן.
מענטשן האָבן אַ טעווע צו פאַרגעסן.
עס לוינט ניט מאַקריוו צו זיין זיך, וויקטאָר.

**דעבס:**

איך אַרבעט ניט פאַר קיין לוין.
איך וויל זאָלסט וויסן, אַז איך אַרבעט ניט פאַר זיי, פעטערס,
פאַר קיינעם ניט.
איך אַרבעט פאַר זיך,
ווייל ליב האָב איך די אַרבעט, וואָס איך טו.
די אַרבעט מיינע, דאָס בין איך, דער מענטש אין מיר.
פאַר זיין אַ מענטש קומט קיינעם ניט קיין גוטע סכירעס.

**פעטערס:**

דאָס זיינען רייד, וואָס מען באַגעגנט אין די ביכער.
קיינער האָט עס נאָך קיינמאָל ניט גענומען ערנסט.

**דעבס:**

וועל איך זיין דער ערשטער . . .

**פעטערס:**

איך זע אָבער בשום אופן ניט איין צו וואָס דו דאַרפסט עס.
קענסט אַרבעטן פאַר דער זאַך מיט פולן ערנסט און איבערגעבנקייט,
ווי מיר אַלע טוען, און לעבן ווי אַ מענטש.
וואָס האָט איינס צו טאָן מיטן צווייטן?

**דעבס:**

דערפאַר טאַקע האָב איך געבעטן מען זאָל שניידן מיינע סכירעס,
ווייל איך וויל לעבן ווי אַ מענטש, ווי איינער פון זיי,
און אַף אַ האָר ניט בעסער.

**פעטערס:**

דו ווייזט אַ שלעכטן ביישפיל.
וועסט שאַפן נאָר אומצוטרוי אין די רייען.

**דעבס:**

איך מיין, אַז יעדער איינציקער פון אונז דאַרף טאָן דאָס זעלבע.

די צייט איז שלעכט. געהאַלטן אַף די באַנען האָט מען געשניטן ביז צום קלענצטן.

די אַרבעטער שטייען פאַר אַ סטרייק. ניטאָ קיין געלט קיין איבעריקע אין דער קאַסע.

**פּעטערס:**

וועסט אַזוי אָנהאַלטן,
וועט מען דיך נאָך מיט דער צייט דערקלערן פאַר אַ הייליקן;
באַם נאַפּט־לאָמפּ וועט מען מייסעס וועגן דיר דערציילן,
לעגענדעס פון דיין גרויסקייט.
מיך אינטערעסירט עס ניט.

**דעבס:**

(שמייכלט איראָניש) מיך אויך ניט.
ניט קיין הייליקער, אַפילו ניט קיין פירער וויל איך זיין.
כ׳וויל זיין נאָר דאָס, וואָס איך בין — אַ מענטש,
אַ ברודער צו אַלע ליידנדיקע מענטשן,
און ווינטש עס זאָלן מיר נאָר קלעקן קויכעס,
איך זאָל דעם נאָמען מענטש ווי עס באַדאַרף זיין קענען טראָגן.

**פּעטערס:**

לאָז אָפּ די רייד פאַרן נייעם טעסטאַמענט.
פאַר יעזוסן, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, האָט עס געפּאַסט.

**דעבס:**

מענטש איז אין אַלע צייטן מענטש!

**פּעטערס:**

זיי, דאָרטן, האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אַף אייזלען, קעמלען,
צייט געהאַט איבערגענוג, און זיך געקענט דערלויבן צו כאָלעמען.
מיר, היינט, וואָס צינדן באַן־לאָקאָמאָטיוון,
מיר קענען זיך אַזעלכע זאַכן ניט דערלויבן.
מיר האָבן שוין לאַנג אָן דעם פאַרגעסן.

**דעבס:**

דאַרף עמיצער דערמאָנען.

**פעטערס:**

ווילסטו זיין, הייסט עס, דער,
וואָס דאַרף די וועלט אַן מענטשלעכקייט דערמאָנען?

**דעבס:**

אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדערער, מוז איך עס טאָן.
עס מוז דאָך עמיצער . . .

**פעטערס:**

ווילסטו, הייסט עס, ווערן דער מאָדערנער יעזוס?

**דעבס:**

לאָז יעזוסן צורו, פעטערס.
לאָמיר צוגיין צו דער אָרדענונג פון טאָג. מיר האָבן אַן אַ שיר אַרבעט.
ניט אונזערע פּריוואַטע אָנגעלעגנהייטן זיינען מיר געקומען אַרומרעדן,
נאָר פאַרהאַנדלען וועגן דעם קומענדיקן סטרייק,
און באַשליסן וואָס און ווי אַזוי די זאַך צו פירן צו אַ זיג.

**פעטערס:**

כ'בין געקומען הערן דיינע פּלענער.

**דעבס:**

טאָ הער. די פּלענער זיינען פּאָשעט: ס'עט זיין אַ סטרייק.
ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג.
דו, אַלס פירער פון די פאַראייניקטע געווערקשאַפטן, וועסט מוזן זען,
אַז יענע זאָלן אַרויסגיין אין סימפּאַטיע־סטרייק.
דאָס איז דער איינציקער וועג,
ווי אַזוי מיר קענען אונזער זאַך געווינען.

**פעטערס:**

דאָס איז דער העכסטער אויסדרוק פון מעשוגאַס! אַזוינס טאָר ניט געשען!
די אַרבעטער זיינען נאָך ניט שטאַרק גענוג צו סטרייקן.

**דעבס:**

דאָס ווייס איך ניט.

מיר האָבן נאָך ניט אויסגעפּרואווט די קויכעס.

**פּעטערס:**

ביזט וואַנזיניק! ווילסט רואינירן מיליאָנען מענטשן!

אַוועקנעמען באַ זיי דעם לעצטן ביסן ברויט!

**דעבס:**

מער קען מען זיי שוין ניט רואינירן.

מיר מוזן אויסקעמפן דאָס רעכט פאַר אַלעמען

צו לעבן ווי פרייע מענטשן.

**פּעטערס:**

ניט דאָס דער וועג!

מ׳דאַרף פירן פאַרהאַנדלונגען אַף אַ פרידלעכן אופן.

נאָר אַף אַ פרידלעכן וועג קען מען ערגעצוואו דערגרייכן.

**דעבס:**

כ׳האָב ליב די פרידלעכקייט ווי דו, און עפשער מער,

איך בין דער לעצטער צו זוכן קריג,

ווייל יעדער טראָפּן מענטשלעך בלוט איז הייליק.

מיר האָבן אויספּרובירט, וואָס נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט.

קיין פרידלעך שפּעלטעלע ניט דורגעלאָזן. נאָר אַלץ אומזיסט.

געדענק, פּעטערס, דעם בירגער־קריג.

ס׳האָט פאָטער אייבראַהאם אַלץ געטאָן, וואָס נאָר ער האָט געקענט,

זי אויסצומיידן,

וואָס האָבן אָבער געענטפערט די פּלאַנטאַטאָרס?

באַשטאַנען אַף זייער רעכט צו באַטרייבן שקלאַפערײַ.

און מיט אַ האַרץ אַ שווערס האָט ער געמוזט מיט שווערט אין האַנט

די פרייהייט אויסקעמפן.

**פּעטערס:**

אָ־אָ־אָ, עס גלוסט זיך דיר ווערן אַ צווייטער לינקאָלן!

**דעבס:**

פּעטערס, וואַרף אַוועק די שפּאַסן דיינע אָן אַ זייט!

דער איניען איז צו ערנסט.
דאָ שטייט אין קאָן די פרייהייט פון מיליאָנען מענטשן!
מיר מוזן, מיר וועלן זי געווינען! דו הערסט, פעטערס?
ס'וועט זיין א סטרייק!
די ארבעטער האָבן, ווי איינער, געשטימט דערפאר.
האָסט באדארפט זען מיט וואָס פאר א באגייסטערונג!
פעטערס, מוזט שטיין מיט אונז!
מוזט טאָן דיין פליכט פאר מענטשלעכקייט און פרייהייט.

**פעטערס:**

דאָ שטייט אין קאָן דאָס ברויט פון מיליאָנען מענטשן!

**דעבס:**

פרייהייט איז וויכטיקער ווי ברויט!

**פעטערס:**

דאָס, הייסט עס, איז דאָס לעצטע וואָרט?
ס'איז פעסט באשלאָסן? סטרייק?

**דעבס:**

סטרייק!

**פעטערס:**

(שווייגט א ווײלע; טראַכט)
עס טוט מיר לייד דיר דאָס צו זאָגן, וויקטאָר,
כ'בין דיר א גוטער פריינט,
נאָר מיינע מענטשן וועלן אין דעם סטרייק ניט אנטיילנעמען.

**דעבס:**

הייסט עס, פארראט! ברודער וועט פארראטן ברודער?!

**פעטערס:**

דאָס איז ניט קיין פארראט.
ס'וויל ברודער זיך ניט איינהערן צו ברודערס אייצע,
וועט ברודער שטיין פונוויטנס און ניט אָנטיילנעמען.

**דעבס:**

דאָס איז פארראט! ס'איז אָפענער פארראט!

ניט אַנטיילנעמען מיינט פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון דעם סוינע !
פאַררעטער באַצאָלן טייער ! דערמאָן זיך נאָר אָן יודאַס !

**פּעטערס:**

אַף אַ פרידלעכן אופן וועלן מיר העלפן מיט וואָס מיר וועלן קענען.

**דעבס:**

ס'וועט זיין אַ סטרייק !

**פּעטערס:**

אפילו ווען פון מיין זייט וועט קיין הילף ניט קומען ?

**דעבס:**

מיר וועלן אויספּרובירן די אייגענע קויכעס !

**פּעטערס:**

באַזין זיך, וויקטאָר ! באַטראַכט נאָר, וואָס דו טוסט !

**דעבס:**

ניט איך, דאָס לעבן טוט ! דער גייסט פון פרייהייט טוט !
איך פיר בלויז אויס דאָס, וואָס עס באַפעלט דאָס לעבן !
(אינדרויסן הערט זיך אַ טומל פון אַרבעטער, וואָס זיינען געקומען הערן
דעם אויסגאַנג פון די באַראַטונגען).

**פּעטערס:**

ס'איז אין דיינע הענט, וויקטאָר ! רעד צו זיי ! האַלט זיי אָפּ !

**דעבס:**

איין פאַררעטער אין אונזערע רייען איז גענוג !
צוויי מיטאַמאָל וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפע !

**פּעטערס:**

דער קאַמף איז אַ פאַרלוירענער !

**דעבס:**

קיין קאַמף פאַר גערעכטיקייט איז נאָך קיינמאָל ניט געווען פאַרלוירן.
ס'איז יעדער קאַמף אַ שריט צום זיג.

**פּעטערס:**

וויקטאָר, איך וואָרן דיך צום לעצטן מאָל !
טראַכט איבער, איידער ס'איז צו שפּעט !

**דעבס:**

מיר וועלן פירן דעם קאמף מיט די אייגענע קויכעס!

**פעטערס:**

וויקטאר! ...

**דעבס:**

א גוטן טאג, פעטערס!

**פעטערס:**

דער צווייטער צאד איז שטארקער!

**דעבס:**

מיר וועלן זען!

**פעטערס:**

ביזט וואנזיניק, וויקטאר! (נעמט אָן דאָס הענטל פון טיר).

**דעבס:**

פארדעטער! ...

(פוירהאַנג)

# בילד זיבן

(אַ צימער אין פראָנט פון פריוואַטן קאַבינעט פון פרעזידענט פון דער רעפּובליק).

**באַנקיר:**

אַף וואָס וואַרט ער? וואָס איז דאָ צו איבערטראַכטן?
ס'איז קלאָר, זיי ווילן מאַכן אַ רעוואָלוציע.
מ'דאַרף האַנדלען, און האַנדלען שנעל!

**באַנדירעקטאָר:**

איידער ער וועט זיך אויסקלייבן, קען זיין צו שפּעט.
די באַנען שטייען פּאַראַליזירט.
זיי האָבן אַוועקגעלייגט די אַרבעט ווי איין מאַן.

**באַנקיר:**

מיין גאַנץ פאַרמעגן האָב איך אַריינגעלייגט אין די אייזנבאַנען.
די אַקציעס פאַלן. מ'קען שוין באַלד די אַקציעס קויפן פאַר אומזיסט.
דאָס מיינט באַנקראָט! דאָס גאַנצע לאַנד באַנקראָט!
און אַט ערשט האָבן מיר געהאַלטן בא ווערן די גרעסטע פינאַנסירן אין דער וועלט.
די וועלט וואָלט דאָך פאַר אונז דעם קאָפּ געבויגן, געשטאַנען אַף די קני!
וואָס שווייגט ער? — פרעג איך!

**באַנדירעקטאָר:**

ס'איז שולדיק אין דער גאַנצער זאַך איין מענטש, וועסט גלויבן?
אַ יונגערמאַן, דער פירער זייערער, אַליין אַ באַן-באַהייצער.
געאַרבעט אַף די באַנען פאַר איין דאָלאַר אַ טאָג.
נאָר האָסט באַדאַרפט אַמאָל אים הערן רעדן.
שיסט מיט פייער פונם מויל.

אַז ער רעדט צו אַן אוילעם, ווערן זיי ווילד פון באַגייסטערונג.
ער האָט מיך אליין אַמאָל קימאַט ווי איבערצייגט.
אַזוי האָט עפּשער אויך אַמאָל געמוזט זיין יעזוס.

**באַנקיר:**

נו, גיט מען זיך אַן אייצע! מען ראַמט אים אָפּ פון וועג, און פּאַטער!

**באַנדירעקטאָר:**

גאָט באַהיט! דו ווייסט דען, וואָס דאָס וואָלט געמיינט?
ער וואָלט געוואָרן אַ מאַרטירער! מ׳דאַרף האַלטן קאָפּ,
ניט טאָן אַ זאַך, אַף וועלכער מ׳קען שפּעטער כאַראָטע האָבן.

**באַנקיר:**

מ׳דאַרף אָבער עפּעס טאָן, און באַלד. מיר ווערן רואינירט!

**באַנדירעקטאָר:**

מ׳דאַרף זוכן וועגן ווי אַזוי,
אַז דאָס פאָלק זאָל גאָרנישט האָבן אויסצוזעצן.

**באַנקיר:**

די פּריסטער, וואָס האָבן זיי דערלאָזט דערצו?

**באַנדירעקטאָר:**

די פּריסטער האָבן אַלץ געטאָן. געדונערט פון דער בימע.
געסטראַשעט מיט ברענעדיקע פייערן פון גהענעם.
ס׳האָט ניט געהאָלפן.

**באַנקיר:**

אומגלויביקע! זיי פאָלגן ניט די פּריסטער, וועלן זיי פאָלגן דאָס געזעץ!
זיי ווילן ניט לעבן ווי אָנשטענדיקע מענטשן, וועט מען זיי ווייזן!
וואָס שווייגט ער דאָרט? וואָס איז דאָ פיל צו טראַכטן? (קוקט אַפן זייגער).
וואָס זיצט דאָרט טאָמפּסאָן אַזוי לאַנג?
(טאָמפּסאָן, רעדאַקטאָר פון אַ גרויסער צייטונג, קומט אַרויס פון פּרע־זידענטס קאַבינעט).

**טאָמפּסאָן:**

(ווישט דעם שווייס פון שטערן) או־הו, זיך אָנגערעדט ווי אַ פּויק.

**באנקיר און באנדירעקטאָר:**

(צוזאַמען)

וואָס הערט זיך? וואָס קלייבט ער זיך צו טאָן?

**טאָמפּסאָן:**

שווער צו זאָגן. ר'איז ניט באַשטימט. ער האָט געהייסן זיינע מיניס־
טאָרן קומען,
הערן זייער מיינונג.

**באנקיר:**

וואָס איז דאָ וועגן וואָס זיך צו באַראַטן?
די זאַך איז פּאָשעט: מ'דאַרף שיקן זעלנער!
קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ!

**באנדירעקטאָר:**

ער וועט זיך אַזוי לאַנג באַראַטן,
ביז ס'וועט זיין צו שפּעט.

**באנקיר:**

מען טאָר די אַקציעס מער ניט לאָזן פאַלן!
אַניט איז באַנקראָט! קאַטאַסטראָפע!

**טאָמפּסאָן:**

ס'איז דאָס געזעץ, וואָס מ'מוז נעמען אין אַנבאַטראַכט, די קאָנסטי־
טוציע.
דאָס רעכט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די שטאַטן.
מ'מוז געפינען אַ וועג ווי אַזוי די קאָנסטיטוציע ניט איבערטרעטן.
איר ווייסט דאָך, ס'איז פאַראַן אַ פּונקט אין אונזער קאָנסטיטוציע,
וואָס זאָגט, אַז מ'טאָר קיין פעדעראַלע מיליטער ניט שיקן אין קיין
שטאַט,
סיידן דער גאָווערנאָר פאַרלאַנגט עס, אָדער ווען די לאַגע איז אין צו־
שטאַנד
פון אַנאַרכיע.

**באנדירעקטאָר:**

אַז אַרבעטער שטעלן אָפּ די באַנען, פּאַראַליזירן דאָס לאַנד,

איז דאָס ניט אַנאַרכיע ?

**טאָמפּסאָן:**

דער גאָווערנאָר טעלעגראַפירט, אַז אַלץ איז רואיק.

די לאַגע איז אינגאַנצן אונטער זיין קאָנטראָל.

**באַנקיר:**

אָבער די אַקציעס ! די באַנען מוזן גלייך אָנהייבן אַרבעטן.

דאָס לאַנד וועט אונטערגיין !

**באַנדירעקטאָר:**

אַף גאָווערנאָר אַלטגעלט קען מען זיך ווייניק וואָס פאַרלאָזן.

האָט א ווייך האַרץ. מיר דאַכט, אַז טיף אין האַרצן

איז זיין סימפּאַטיע מיט די אַרבעטער.

**באַנקיר:**

איך צווייפל ניט אין דעם קיין איין מינוט.

**טאָמפּסאָן:**

א גאָווערנאָר, וואָס קען פאַרדאַמען די עפענטלעכע מיינונג

און באַפרייען פון דער טליע אַנאַרכיסטן, איז פּייאיק אַף אַלץ.

**באַנקיר:**

איך וויל אפילו גלויבן, אַז מ'האָט אים אונטערגערוקט א שיינע פּאָר טויזנטער,

ער זאָל העלפן זיי דעם קאַמף געווינען.

**באַנדירעקטאָר:**

א גוטער פּונקט, טאָמפּסאָן,

דיין צייטונג דאַרף אָנדייטן אַף דעם.

**טאָמפּסאָן:**

ס'וועט ווערן אָנגעדייט, נאָך היינט, אין דער לעצטער אויסגאַבע.

פאַרלאָז זיך אַף מיר. איך בין אַן אַלטער צייטונגס־מענטש.

**באַנקיר:**

ווי איז דיין מיינונג, טאָמפּסאָן, ער וועט האַנדלען ?

**טאָמפּסאָן:**

איך מיין, אַז יאָ. ס'איז אָבער זייער א דעליקאַטע פראַגע.

זעלבסט־פארוואלטונג פון די שטאטן.
מ׳מוז געפינען א וועג ווי אזוי ניט צו פארלעצן דאס געזעץ.
און גאווערנאר אלטגעלט האלט אין איין טעלעגראפירן, אז אלץ איז
רואיק.
אלץ אונטער קאנטראל פון שטאט־אויטאריטעטן.
(נעמט ארויס א טעלעגראמע) נא, לייען!

**באנקיר:**

(לייענט אפן קאל) „אף דיין אנפראגע טעלעגראפיש, וועגן דער לאגע
אין מיין שטאט,
וואס איז געשאפן געווארן אלס רעזולטאט פון סטרייק,
און וועגן דעם, צי נויטיקט זיך דער שטאט אין פעדעראלער הילף,
קען איך דיר ענטפערן, אז אלץ איז רואיק.
קיין איינציקער ראיאט איז נאך ניט פארגעקומען.
איך ווייס, עס וועלן זיין אזעלכע, וואס זיינען פאראינטערעסירט דעם
סטרייק צו ברעכן מיט געוואלט.
אזעלכע, וואס וועלן פאדערן, באשטיין און ראטן, זאלסט שיקן פעדע־
ראלע מיליטער.
די קאנסטיטוציע אונזערע, אבער, זאגט אויסדריקלעך,
אז דאס קען נאר געטאן ווערן אין פאל פון נויט.
אין מיין שטאט איז אבער אזא פאל נישטא.
מ׳קען קיינעם ניט צווינגען צו ארבעטן פאר ווייניקער.
זיי ווילן ניט גיין צוריק — ס׳איז זייער זאך”.
(ווארפט אוועק מיט קאעס די טעלעגראמע)
ניט עמעס! ס׳איז אונזער זאך!
אונזערע אקציעס פאלן! מ י ר וועלן מוזן באנקראטירן!

**באנדירעקטאר:**

ס׳איז קלאר. ער האט זיך פארקויפט צו זיי.
ער ארבעט האנט אין האנט מיט זיי צו אונטערגראבן די רעגירונג.

**באנקיר:**

ווי דערלאזט מען אזא זיין גאווערנאר פון א גרויסן שטאט!
וואו איז די שטאט־רעגירונג? וואו איז דאס געריכט? וואס דערלאזט
עס דער פרעזידענט?

**טאָמפּסאָן:**

מ׳קען נאָרנישט געפינען, וואָס זאָל באַרעכטיקן אַרונטערזעצן אים.

**באַנקיר:**

וואָס הייסט, מען קען נאָרנישט געפינען?! און דאָס אַליין,
וואָס ער האָט מיט זיי צוזאַמען געמאַכט אַ פאַרשווערונג
קעגן דער רעגירונג? דאָס איז בא דיר גאָרנישט?

**טאָמפּסאָן:**

מ׳קען דאָס אָבער ניט באַווייזן קלאָר און אָפן.

**באַנקיר:**

וואָס הייסט, מ׳קען ניט?! וואו זיינען אונזערע יוריסטן? די גרויסע קעפּ?

**טאָמפּסאָן:**

איך מיין, מ׳וואָלט נעדאַרפט דאָ אַרבעטן פון גאָר אַן אַנדער ווינקל.

**באַנקיר:**

וואָס מיינסטו?

**טאָמפּסאָן:**

ווי עס זעט אויס, איז שולדיק אין דער גאַנצער זאַך,
דער פירער זייערער, ווי הייסט ער דאָרטן, דעבס.
ער איבט אויס אַף זיי, ווי איך הער, אַן אומגעהייערן איינפלוס;
ווען ניט ער, וואָלטן זיי ניט געוואַגט צו מאַכן אַזאַ שריט.
וואָס איז ער פאַר אַ מענטש, דער דעבס?
מוז זיין אַ מענטש מיט גרויסע פעיאיקייטן.

**באַנדירעקטאָר:**

אַ יונגערמאַן, ערשט דריי צענדליק יאָר מיט עפּעס.
האָט אַ צונג, וואָס וואָלט באַוואויגן אַן אַרמיי צו גיין אין פייער.

**טאָמפּסאָן:**

טאָ וואָס-זשע שווייגט איר? אַזעלכע מענטשן דאַרפן מיר אין אונזערע רייען.
וואָס רעדט איר ניט מיט אים? וואָס ליינט איר אים ניט פאַר קיין הויכן אַמט?
אַ גרוים געהאַלט?

**באנדירעקטאָר:**

ער וועט ניט הערן פון אַזעלכע זאַכן.

**טאָמפּסאָן:**

אוממעגלעך! ניטאָ קיין מענטש, וואָס וואָלט אַזוינס צוריקגעוויזן!
דאָס ליגט אין דער מענטשלעכער נאַטור, פרעג מיך.
איך קען מענטשן. איך בין אן אַלטע צייטונגס־האַנט.
שוין אויפגעגעסן מיינע ציין אַף מענטשן.
ער האָט געמאַכט דעם גאַנצן טומל, קען זיין, בלויז צוליב דעם,
ער זאָל זיך קענען שאַפן אַ קאַריערע. ער מוז זיין אַ כיטרער יונג.
ער ווייס ווי אַזוי מ׳טוט עס. לאָמיר אים נאָר אַ פאָרשלאָג מאַכן,
אַריינגעמען צו אונז, דערלאַנגען אים די עמעסע מאַטבייע.
אים געבן מאַכט און קאָוועד. וועסט זען, ווי ער וועט כאַפּן מיטביידע הענט.
איך קען זיי, אָט די אָרעמע טייוואָלים, דו עפן נאָר אַ טיר און שטעל קיין וועכטער ניט אַוועק,
וועסטו זען ווי שנעל זיי וועלן זיך אַריינכאַפּן אינעווייניק.

**באנדירעקטאָר:**

קענסט מענטשן, נאָר דו קענסט ניט אים.

**טאָמפּסאָן:**

ער איז ניט אַנדערש פון אַנדערע מענטשן.

**באנדירעקטאָר:**

ער איז אַנדערש.

**טאָמפּסאָן:**

פונוואַנען ווייסטו?

**באנדירעקטאָר:**

איך האָב מיט אים גערעדט. גערופן אים אין מיין פּריוואַטן קאַבינעט.
געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַ לעגענדאַרישן. געוואָלט אים מאַכן פאַר וויצע־פּרעזידענט
פון אונזער אייזנבאַן געזעלשאַפט.

**טאָמפּסאָן:**

און וואָס האָט ער געענטפערט?

**באנדירעקטאָר:**

ער האָט ניט געוואָלט אפילו רעדן וועגן דעם.

**טאָמפּסאָן:**

אומגלויבלעך! אויב אזוי, דארף מען אים היטן.
דאָס איז פּערזענלעכקייט, פרעג מיך, אַן אַלטע צייטונגס־האַנט.
די ציין מיינע, אופגעגעסן אַף פּערזענלעכקייטן.
געפּערלעכע פּערזענלעכקייט! קען אַנטאָן אסאך שאָדן.
מ'מוז אים אומשעדלעך מאכן, איידער עס דערגייט צו ווייט.

**באנקיר:**

דאָס זאָג איך דאָך! וואָס וואַרט ער דאָרט?! (ווייזט אָפּן פּרעזידענטס
טיר)
וואָס שיקט ער ניט קיין זעלנער?
(אַ ווײַלע שווייגן אַלע שטיל. פּלוצלינג טאָמפּסאָן).

**טאָמפּסאָן:**

(שפּרינגט אוף מיט פרייד) איך האָב עס! . . .

**באנקיר:**

וואָס האָסטו?

**טאָמפּסאָן:**

אַ געניאַלן געדאַנק! . . .

**באנדירעקטאָר:**

ווי קומט עס צו אַן אַלטן צייטונגס־מענטש?

**טאָמפּסאָן:**

שפּאָס אָן אַ זייט. איך זאָג אייך — אַ געניאַלער געדאַנק!
כ'האָב שטענדיק דאָס געפיל געהאַט, אַז כ'וועל זיך צו עפּעס גרויסעס
נאָך דערטראַכטן.
ניט אומזיסט געשאַרפט די ציין אין צייטונגען אזויפיל יאָרן!

**באנדירעקטאָר:**

געוויס! געוויס! ביזט די גרעסטע צייטונגס־קאָפּ אין לאַנד.
לאָמיר הערן דיין געניאַלן געדאַנק.

**טאָמפּסאָן:**

דער געדאַנק איז אזוי גרויס, אַז איך שעם זיך אַזש פאַר אונזערע

יוריסטן,
וואָס זיי איז עס ניט איינגעפאַלן.

**באַנדירעקטאָר:**

(לייגט צו אַ האַנט צום אויער) דערלאַנג ! . . .

**טאָמפּסאָן:**

פאַראַן אַ געזעץ אין אונזער קאָנסטיטוציע, אַן אַנטי־טראָסט געזעץ,
וואָס פאַרבאָט דעם מאָנאָפּאָל פון קערפּערשאַפטן אויף וועלכער ס'איז
ניט אונטערנעמונג.

וואָס איז די יוניאָן, זייערע, אַ טראָסט ? זיי ווילן מאָנאָפּאָליזירן די
אייזנבאַנען.

נו, ווענדט מען אָן קעגן זיי דעם אַנטי־טראָסט געזעץ. פאַרבאָט צו
סטרייקן.

און דער סטרייק איז געענדיקט. זיי מוזן צוריקגיין אַלע צו דער אַרבעט.

אַניט ווערט יעדער איינציקער פון זיי, לויטן געזעץ, באַטראַכט ווי אַ
פאַרברעכער,

און ווי אַזאַ באַהאַנדלט.

**באַנדירעקטאָר:**

מיר שיינט דו ביזט גערעכט.

**באַנקיר:**

כ'בין זיכער ! איך האָב אַמאָל שטודירט יוריספּרודענץ.

**טאָמפּסאָן:**

(רייבט זיך די הענט) איך האָב געוואוסט, איך וועל זיך נאָך אַמאָל צו
וואָס דערטראַכטן.

(עס עפנט זיך די טיר פון פּרעזידענטס קאַבינעט. סעקרעטער קומט
אַרויס)

**סעקרעטער:**

מיינע הערן ! . . . .

**באַנקיר, באַנדירעקטאָר, טאָמפּסאָן:**

(צוזאַמען) וואָס הערט זיך ?

**סעקרעטער:**

זיין עקסעלענץ ווינטשט אייער אוידיענץ.

**טאָמפּסאָן:**

(פּאַטשט דעם באַנקיר אַף דער פּלייצע)

ס'וועט גיין א גאנג!

געשיכטע ווערט געשאַפן!

(פּוירהאַנג)

# בילד אַכט

(אַ באַן־סטאַנציע. אַרום דער סטאַנציע אַ ברייטער ליידיקער שעטאַך אַף די רעלסן שטייען וואַגאָנען. אָוונט. אַפן ליידיקן שעטאַך שטייט אַ מאַסע סטרייקער, ווייבער און קינדער. עטלעכע האַלטן שטורקאַצן אין די הענט. טומל, געשריי. וואו ניט וואו צעוויינט זיך אַ קינד. עס קלינגט אַ גלאָק. אַ באַן פאָרט פאַרביי באַוואַכט פון פּאָליציי).

**קאָל:**

איך בין פון אָנהייב אָן געווען קעגן סטרייק.
מיט געוואַלט קען מען אין ערגעץ ניט דערגרייכן.

**צווייטער:**

דער פּאַסטאָר האָט געוואָרנט. באַדאַרפט אים פאָלגן.

**דריטער:**

פאַרהונגערן וועט מען אונז צום טויט.

**פרוי:**

איך האָב זיך געבעטן בא מיינעם:
הער זיך ניט איין צו די בייזע צינגער.
אַפן פייער וועלן זיי דיך אַרופפירן.
ניט געפאָלגט. איצט, זעט מענטשן,
דאָס קינד מיינס, הויט און ביינער.
(הייבט אוף דאָס קינד אַף די הענט).

**צווייטע:**

נעכטן פאַרזעצט דאָס לעצטע ביסל האָב און גוטס:
דאָס כאַסונע־רינגל. נאָך פון דער עלטער באָבען אַ יערושע.

**דריטע:**

דאָס לעצטע שטיקל מעבל אוועקגעגעבן פאַר אַ לעבל ברויט.
די ערד איז קאַלט און האַרט אַף איר צו שלאָפן.

**פערטע:**

מיינער שלעפט זיך אום א גאנצן טאָג מיט א קאטערינקע,
און קיינער וואַרפט קיין פעני ניט אַרונטער. א בעטלער געוואָרן.

**פינפטע:**

ווייבער, לאָמיר זיך צונויפנעמען און גיין אים בעטן
ער זאָל צוריקנעמען אונזערע מענער. ראכמאָנעס האָבן.

**זעקסטע:**

בעסער שטאַרבן. א מעסער זיך אליין אין האַרץ,
איידער גיין און פאַלן אַף די קני פאַר אים.

**קאָל:**

ריכטיק! אזוי איז ריכטיק! בעסער שטאַרבן.

**פרוי:**

איך וויל ניט שטאַרבן! מיין קינד וויל ניט שטאַרבן!

**קוילעס:**

מיר ווילן ניט שטאַרבן! לעבן ווילן מיר!
אונזערע קינדער ווילן לעבן!

**מאַן:**

שעמט אייך! ווי ווייניק שטאָלץ איר האָט!
גיין בעטן זיך! א כאַרפּע!

**פרוי:**

וואָס טויג אונז שטאָלץ! ברויט דאַרפן מיר!
מילך פאַר די קינדער דאַרפן מיר!
מיט שטאָלץ קען מען ניט זאַט ווערן!

**קוילעס:**

ברויט דאַרפן מיר! לעבן ווילן מיר!
(טומל. געוויין פון קינדער).
(אַף אַן אימפּראָוויזירטער פּלאַטפאָרמע כאַפּט זיך אַרויף איינער און נעמט רעדן צום עולם).

**רעדנער:**

בירגער!

**קוילעם:**

לאָז זיין שטיל... הערט אויף טומלען...
לאָמיר הערן וואָס ער האָט צו זאָגן... רעד...

**רעדנער:**

בירגער! שוין זעקס וואָכן אַז דער סטרייק האַלט אָן,
און עס זעט זיך ניט קיין סאָף.
דער סטרייק וועט אָנהאַלטן זעקס יאָר, ווען נייטיק.
מען וועט אונז אויסהונגערן ווי די מייז.
מיר וועלן אויסשטאַרבן איינער ווי איינער.
לאָמיר אינדערפרי זיך אופהייבן און גיין צוריק
ווי גאָרנישט ניט געשען.

**קוילעם:**

וועט ער אונז צונעמען צוריק?

**רעדנער:**

ער וועט!

**קוילעם:**

פון וואַנען ווייסטו דאָס?

**רעדנער:**

איך האָב גערעדט מיט דעם פאַרוואַלטער.

**קוילעם:**

איז גיין צוריק!... גלייך אינדערפרי!...

**אַרבעטער:**

(כאַפּט זיך אַרויף אַף אַ קעסטל)
ברידער! צו וועמען הערט איר זיך איין?
צו הילס אַ שפּיאָן! פאַרפירן וויל ער אייך...

**קוילעם:**

אַרונטער... לאָזט אים ניט רעדן... גיין צוריק...
דערהאַרגעט דעם שפּיאָן... פאַרפירער... ברויט ווילן מיר...
מיר ווילן לעבן... שלעפּט אים אַרונטער...
(אינמיטן טומל באַווייזט זיך דעבס אַף דער פּלאַטפאָרמע. עס ווערט פלוצלונג שטיל. דעבס שטייט אַ ווײַלע, קוקט אָן דעם אוילעם).

**דעבס:**

ווי גיך איר לאָזט זיך איבעררעדן, ברידער!
ווי גיך איר לאָזט זיך פירען פון פאַרפירער!
ווי ווייניק מוט, ווי ווייניק אויסדויער איר האָט,
איר, בראַווע קעמפער פון דעם בירגער־קריג!
איר, אייניקלעך פון טאָמאַס דזשעפערסאָן!
אייב לינקאָלנס זין!
וויפל האָבן אייערע זיידעס געהונגערט, בלוט פאַרגאָסן,
ביז זיי האָבן אויסגעקעמפט די פרייהייט פון דער קרוין!
און איר, זעקס וואָכן ערשט אין סטרייק, און שוין פאַרלוירן מוט.
שוין גרייט צו גיין צוריק און קניען פאַר דעם גאָלדענעם גאָט
און בעטן ראַכמים. איך שעם מיך פאַר אייך, ברידער!
וואָס איז ברויט אָן פרייהייט? סאַם־האַמאָוועס!
איין טאָג צו לעבן ווי אַ פרייער מענטש,
איידער אויסלעבן די יאָרן ווי אַ שקלאַף!
ברידער! דאָס לאַנד איז אונזערס,
דאָס לעבן איז אונזערס.
מיר פאָדערן אונזער כיילעק אינעם לאַנד!
און מיר וועלן עס קריגן! דורך קאַמף! דורך אייניקייט!
דורך אויסדויער! וואָס זאָגט איר, ברידער!

**אַרבעטער:**

אָט דאָס זיינען רייד! דאָס רעדט אַמעריקע!
ברידער! לאָמיר ווייזן וואָס מיר קענען!
(אַ מאָמענט הערשט אַן אָנגעצויגענע שטילקייט.
פלוצלונג פלאַצט אַרויס די פאַרזאַמלונג):
הוראַ!... לאַנג לעבן זאָל וויקטאָר דעבס!...
קאַמף ביז צו אַ זיג!... הוראַ!... הוראַ!... הוראַ!...

**איינער הייבט אָן זינגען:**

מיר זיינען בראַווע קעמפער,
מיר זיינען צו קעמפן גרייט,
ווי אונזערע עלטער־זיידעס,
פאַר פרייהייט און פאַר ברויט...

**אַנדערע כאַפּן אונטער:**
פאַר פרייהייט און פאַר ברויט . . .

(פוירהאַנג)

## בילד נײַן

(דער קאַבינעט פון פרעזידענט פון דער אײַזנבאַן-געזעלשאַפט. עס ווערן געפירט פאַרהאַנדלונגען צווישן דער יוניאָן און דער געזעלשאַפט, מיט גאָווערנאָר אַלטגעלט אַלס אומפּאַרטייאישער פּאָרזיצער).

**אַלטגעלט:**

מײַנע הערן! מיר זײַנען זיך הײַנט צונויפגעקומען אױף אַן אויסער־
געוויינטלעכער זיצונג,
די אויסערגעוויינטלעכסטע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אונזער
פרײַער רעפּובליק,
זינט דער זיצונג, וואָס דער פאָטער איבראהאם האָט אָפּגעהאַלטן מיט
זײַנע מיניסטאָרן
ערעוו דעם בירגער־קריג. די זאַך, וואָס מיר האָבן זיך הײַנט צונויפ־
טראָפן צו פאַרהאַנדלען,
איז ניי אין דער גאַנצער געשיכטע פון אונזער גרויסער רעפּובליק.
זינט נאָך דעם בירגער־קריג האָט אונזער גרויס און דעמאָקראַטיש
לאַנד
גענומען אַ נײַע װענדונג. מיר זײַנען אַפן װעג צו װערן דאָס גרויסע
און עפשער גרעסטע אינדוסטריעלע לאַנד אין גאָר דער װעלט.
לויט ווי עס לערנט אונז די געשיכטע, האָט יעטווידע אינדוסטריעלע
לאַנד
בייגעוואוינט די באַשאַפונג פון צוויי גרויסע קלאַסן —
דעם, וואָס שאַפט דעם קאַפּיטאַל, און דעם, וואָס פאַרוואַלטעט אים.
מיט אונזערע אויגן זעען מיר, ווי ס'איז געבוירן אַ נײַער
שטאַרקער קלאַס בײַ אונז אין לאַנד. מיר האָבן געזען
ווי ס'איז געבוירן געוואָרן פאַר אונזערע אויגן די ערשטע יוניאָן, —
דאַן נאָך איינע און נאָך איינע, און איצט איין גרויסע קערפּערשאַפט
מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען. פאַרמאַכן די אויגן אױף דעם פאַקט,

זיך אָפּזאָגן צו פאַרהאַנדלען, מיינט בלינד זיין צו געשיכטע.
מיינע פריינט, מיר קענען דאָס לעבן ניט קאָנטראָלירן. מיר ווערן קאָנ-
טראָלירט פון לעבן,
און מוזן אָננעמען די צייט מיט אָפענע אויגן, מיט קלאָרע, ניכטערע
קעפּ.
איך, פון מיין זייט, בין צופרידן, וואָס ס'איז אַזוי געשען.
דאָס ווייזט, אַז מיר גייען פאָרויס צו אַ גלאָררייכער צוקונפט.
אַז מיר גייען אויף דעם ריכטיקן וועג צו ווערן אַ מעכטיק פאָלק צווישן
פעלקער.
מיינע פריינט, מיר דאַרפן געדענקען, אַז אונזער לאַנד איז אַנדערש פון
אַנדערע לענדער.
מיר האָבן אָנגעהייבן גלייך מיט אַ פרייער רעפּובליק, אַ דאַנק די
פאָטערס,
וואָס האָבן איר אומאָפּהענגיקייט אויסגעקעמפט מיט בלוט,
און אויף שטעדיק באַפעסטיקט די דעמאָקראַטיע.
מיר מוזן געפינען אַן אויסוועג ווי צו שליכטן די סיכסוכים
אויף אַן אויפן, אַ העכסט דעמאָקראַטיש, ווי עס פּאַסט פאַר בירגער פון
אַ פרייער רעפּובליק.
לאָמיר זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי וואָלט פאָטער אייבראַהאַם, דער
מענטש,
וואָס האָט געהאַט אַ האַרץ פאַר אַלעמען, ווי אַזוי וואָלט ער געהאַנדלט
אין אַזאַ פאַל.
לאָמיר אויסלייגן אונזערע טײנעס אויפן טיש, און זען געפינען אַ וועג
פון צוזאַמענאַרבעט,
וואָס וועט פירן צום וואוילזיין פון יעדן איינציקן פון אונז,
און פון אונזער פרייער רעפּובליק. און איצט צו די פאַרהאַנדלונגען.
דאָס וואָרט האָט מיסטער היל.

**היל:**

מיינע פריינט, און מיסטער גאָווערנאָר! ווי איר אַלע ווייסט, שטייען
די אייזנבאַנען שטיל.
וואָס איז געשען? לאָמיר אייך געבן אַ קלאָר און בוילעט בילד, און איר
וועט זען,

אז מיר, וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך צום לאַנד, וואָס דאַרפן צו־
שטעלן דעם קאַפּיטאַל,
צו קענען ווי געהעריק די באַנען צו באַטרייבן, האָבן אַנדערש האַנדלען
ניט געקענט.
ניט מיט אונזער אייגענעם ווילן האָבן מיר געטאָן דאָס, וואָס מיר האָבן
געטאָן,
נאָר אומשטאַנדן האָבן אונז דערצו געצוואונגען. דאָס האָט געמוזט
געשען,
אַלס טויווע פאַרן גאַנצן לאַנד, וואָס בויט איצט אויף איר אינדוסטריע.
ווען מיר מאַכן ניט דעם שריט, וואָס מיר האָבן געמאַכט, וואָלטן מיר
געשטאַנען איצט פאַר אַ באַנקראָט. און דאָס וואָלט געווען אַ קאַטאַ־
סטראָפע
פאַר אונזער יונגער רעפּובליק. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַף אַביסל ערשט־
פאַרגאַנגענער געשיכטע.
ערשט קוים דריי צענדליק יאָר, אַז דאָס לאַנד האָט דורכגעלעבט איינעם
פון אירע געפערלעכסטע מאָמענטן,
דעם בירגער־קריג. ווען ניט דער אויבערשטער אין הימל, און אונזער
גרויסער פאָטער אייבראַהאַם,
וואָלטן מיר היינט געווען נאָר שטאַטן באַזונדערע, מיט אַן אינדוסטריע
פון שווארצער שקלאַפעריי.
אַ דאַנק דעם אויבערשטן, וואָס איז אונז בייגעשטאַנען, און אַ דאַנק
דעם מוט און העלדישקייט,
פון אונזער אַלעמענס פאָטער אייבראַהאַם, האָט גערעכטיקייט געזיגט,
און אונזער רעפּובליק
איז גאַנץ געבליבן. זי איז אָבער אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. אונזער פליכט
איז
צוריק אויפבויען די רעפּובליק, און צען מאָל אַזוי גרויס און מעכטיק.
מיר האָבן אויפגעבויט אַ נעץ פון באַנען, פאַרבונדן שטאַט מיט שטאַט.
איר קענט זיך פאָרשטעלן מיט וויפיל מי? מיט וויפיל קאַפּיטאַל?
צי האָט עמיצער פון אונזערע אַרבעטער געהאַט אַמאָל אַף וואָס זיך צו
באַקלאָגן?

איז וואָס געשען? ווי עס מאַכט זיך אָפּטמאָל אין אַ צייט, און די, וואָס
קאָנען עקאָנאָמיק ווייסן,
איז אָנגעשטאַנען אַ קריזיס אין דעם לאַנד, אַן איבערגאַנג. די אַקציעס
האָבן גענומען פאַלן.
פּראָדוקציע האָט זיך אָפּגעשטעלט. וואָס בלייבט צו טאָן? די וועלכע
קאָנען עקאָנאָמיק, ווייסן.

מ׳דאַרף ראַטעווען דאָס לאַנד פון קריזיס, ווי פאָטער אייבראַהאַם
האָט עס געראַטעוועט פון צעפאַלונג אין בירגער־קריג.
מיינע פריינט, מיר זיינען אַלע פרייע בירגער פון אַ גרויסער, פרייער
רעפּובליק.
ס׳איז יעדן איינעמס פליכט צו טאָן, וואָס נאָר ער קען פאַרן וואוילזיין
פונם לאַנד.
ווי טרייע בירגער וואָלטן זיי אַליין געדאַרפט ארונטערלאָזן פון די
סכירעס.
מיר טוען עס דען פאַר אונזער טויווע? מיר לעבן דען אין אַ לאַנד,
וואו אַלץ באַלאַנגט צו אַ דינאַסטיע, און איין מענטש איז באַלעבאָס?
מיר לעבן אין לאַנד, וואו יעדער איינציקער איז באַלעבאָס.
ס׳איז אונזער אַלעמענס לאַנד. מיר גייען צום שטימקאַסטן און זאָגן
אונזער דייע.
און וואָס איז דער רעזולטאַט? אַנשטאָט צו אַרבעטן האַנט אין האַנט,
ווי גוטע פּאַטריאָטן, און עטוואָס מאַקריוו זיין פאַרן לאַנד, ווי מיר אַלע,
האָבן זיי אָוועקגעלייגט די אַרבעט, פּאַראַליזירט דאָס לאַנד, און טרייבן
זי צום אונטערגאַנג.
איז דאָס רעכט אַזוי? מיר דאַכט, איך האָב די לאַגע קלאָר געשיל־
דערט.
די פראַגע שאַרף און עמעסדיק אָוועקגעשטעלט. אַ דאַנק.

**מיטגליד פון האַנדלסקאַמער:**

איך מיין, אַז קלאָרער שילדערן די לאַגע קען מען נישט.
איך בין אַ מיטגליד פון האַנדלס־קאַמער און ווייס עס פון דערפאַרונג.
די באַנקען מוזן גלייך אָנהייבן אַרבעטן, אויב מ׳וויל אויסמיידן
אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע.

**אַרבעטער־פּאַרטרעטער:**

דער צווייטער צאַד האָט אויך עפּעס צו זאָגן.
האַלט אָפן די אויערן, און איר וועט הערן.

**אַלטגעלט:**

אַלס פּאָרזיצער פון דעמדאָזיקן אויסערגעוויינטלעכן צוזאַמענקונפט,
דאַנק איך דעם כּאָשעוון בירגער מיסטער היל; ער האָט אָן צווייפל,
געשילדערט פאַר אונז אַ קלאָר און עמעסדיק בילד די לאַגע
איצט באַ אונז לאַנד איז ווירקלעך קריטיש. ס'איז די בירגערלעכע
פליכט פון יעטווידן פון אונז, פון יעדן קערפּערלעך־געזונטן מענטשן,
וואָס לעבט אין אונזער לאַנד און געניסט פון אירע מעגלעכקייטן און
איר פרייהייט,
צו טאָן אַלץ וואָס נאָר אין אונזערע קויכעס, אַרויספירן דאָס לאַנד
אונזערס פון קריזיס.
איך האָף, מיר וועלן היינט געפינען דעם וועג, וואָס וועט באַרואיקן די
הייסע בלוטן,
און וועט דערנענטערן מענטש צו מענטש, ווי ס'פאָדערט אונזער גרויסע
דעמאָקראַטיע.
מיר וועלן איצט אויסהערן דעם צווייטן צאַד. דאָס וואָרט האָט מיסטער
דעבס.

**דעבס:**

מיינע כּאָשעווע הערן און מר. גאָווערנאָר! עס וואָלט געווען פאַלש און
איינזייטיק פון מיר
אָפּצולייקענען איין-איינציק וואָרט אַפילו, פון דעם, וואָס אונזער
פריינט האָט דאָ געזאָגט.
ער האָט געשילדערט די לאַגע קלאָר און בוילעט. ס'איז עמעס, דאָס
לאַנד אונזערס
געפינט זיך אין די צוואַנגען פון אַ קריזיס. דער גרויסער טייל פון
פאָלק איז אָרעם.
דער פאַרמער מאַטערט זיך צום טויט אַף אַרויסצוציען פון דער ערד
אַ לעבן.
דער אַרבעטער שטאַרבט פון הונגער. נייט אַריין אין נידעריקן טייל פון
שטאָט,

**וואו ס'וואוינט די ארבעטער־באפעלקערונג, און איר וועט זען א בילד**
פון נויט,

אז ס'וועט אייך פינצטער ווערן אין די אויגן. איר וועט זיך וואונדערן
ווי מענטשן קענען אזוי לעבן. שטעלט אייך פאָר, מיינע פריינט, צוויי
קליינע פינצטערע צימערן,

וואו עס לעבן א מאַן, א ווייב, און א האַלבער טוצן קליינע קינדער.
דער פאָטער ארבעט אויף די באַנען, און וויפיל מען פארדינט אין גוטע
צייטן,

איז אונז אַלעמען באַקאַנט. איצט, שטעלט אייך פאָר, אז אָט די פאַר־
דינסטן

ווערן געשניטן אויף העלפט, ווי דאָס האָט געטאָן אונזער פריינט,
דער כאָשעוווער פּאַטריאָט און בירגער מיסטער היל. ווי שוין געזאָגט,
האָט מיסטער היל געגעבן אונז א קלאָר און בוילעט בילד. דאָס בילד
איז אָבער

אויף א העלפט בלויז עמעס. און א האַלבער עמעס, מיינע פריינט,
איז א גאַנצער ליגן. דאָס לאַנד, זאָגט מיסטער היל, איז אָרעם.
ניט עמעס זאָג איך. דאָס פאָלק איז אָרעם, דער ארבעטער, דער
פאַרמער,

דאָס לאַנד האָט רייכטימער אָן שיר. עס ליגן קווּרעכס
אוצרעס דאָ בא אונז אין לאַנד. נאָר זיי באַלאַנגען ניט צום פאָלק,
נאָר צו א קליינעם טייל, וואָס האָט פארכאַפּט די מאַכט און קאָנ־
טראָלירט

דאָס לעבן פונם גאַנצן פאָלק. די אַלגעמיינע מיינונג איז דערשטיקט.
די קאָמערץ פון לאַנד ליגט ווי א פארכאַלעשטער אין א הייסן טאָג.
די פּרוכט פון ארבעט פון מיליאָנען מענטשן ווערן אין מיטן העלן טאָג,
פאַר אַלעמענס אויגן צוגעגאַנוועט, אויף אופצובויען ריזיקע רייכ־
טימער פאַר געציילטע.

און אָט די געציילטע, וואָס שטעלן זיך ארויס אַלס פריינט פון דער
רעפּובליק,

און הייסע פּאַטריאָטן, זיינען אינדערעמעסן די סאָנים אירע, און
שטעלן

אין געפֿאַר די פֿרייהייט, וואָס דאָס פֿאָלק האָט אויסגעקעמפֿט מיט בלוט.
די רעגירונג אונזערע שטייט און קוקט צו ווי עס ווערט באַשאַפֿן,
פֿון איין זייט אַ קליינע צאָל פֿון גרויסע מיליאָנערן, און פֿון צווייטן זייט
אַ פֿאָלק, וואָס מאַטערט זיך צום טויט און קעמפֿט מיט הונגער . . .

**היל:**

איך מיין, אַז דאָס איז גאָר ניט וויכטיק, און קלינגט ניט מער, ווי ביליקע אַגיטאַציע.
מיר זיינען אָהער ניט געקומען הערן מוסער. צום פּונקט, צום איניען!

**אַלטגעלט:**

איך וועל בעטן מיסטער היל ניט אונטערברעכן.
(צו דעבסן) זעצט פֿאָר!

**דעבס:**

. . . און איצט קום איך צום פּונקט. איך האָב בלויז געוואָלט
זיך אָפּשטעלן אַביסל אויף עקאָנאָמיק, מיסטער היל,
מיט אייער דערלויבעניש. איך האָב אויסגעהערט אייך.
איר וועט זיין אַזוי פֿריינטלעך און אויסהערן מיך.
ווייל ביידע זיינען מיר דאָך פֿריינט פֿון דער רעפּובליק,
און מיינען נאָר איר טויווע. איז ווי געזאָגט,
אין אַ צייט, ווען דאָס לאַנד ליגט אַ פּאַרכאַלעשטע,
פּאַראַליזירט אין קלעם פֿון קריזיס, צי ווייס מיסטער היל,
וויפֿיל איז אויסגעצאָלט געוואָרן אין דיווידענטן
צו די אַקציע-איינגענטימער פֿון דער באַן-געזעלשאַפֿט?
אויב מיסטער היל וויל ציפֿערן, וועל איך עס געבן.
און נאָך אַ פֿראַגע וועט איר מיר דערלויבן:
וויפֿיל האָט מיסטער היל און די קאָלעגן זיינע,
געשניטן פֿון זייערע סכירעס צו העלפֿן דעם לאַנד
זיך ראַטעווען פֿון קריזיס?

**היל:**

מען מישט זיך ניט אין קיין פּריוואַט-געשעפֿטן.
דאָס איז ניט קיינעמס אייסעק!

**דעבס:**

ס'איז ניט פריוואט. דא האנדלט זיך דאך וועגן וואוילזיין פונם לאנד.
צוליב דעם, און נאר צוליב דעם, האט מען געשניטן די סכירעס פון
די ארבעטער אף העלפט.

און אז די ארבעטער האבן זיך אפגעזאגט דעם הונגער־לוין אנצונעמען,
איז וואס געשען?

צו פארמיעסן זיי אין די אויגן פון די מאסן, האבן אייערע געטרייע
דינער

געשטעמפלט זיי מיט דעם נאמען „געפערלעכע אנארכיסטן,״ „באמבן־
ווארפערס,״

„סאנים פון דער רעפובליק״, כאטש איר ווייסט גאנץ גוט, אז א
גרויסע צאל פון זיי

איז מיט פרייד געגאנגען אין פאטער לינקאלנס ארמיי און טראגן נאך
איצט

אף זיך סימאנים פון די וואונדן. איר האט זיך פארבונדן
מיט די שווארצסטע פארשוינען פון דער אונטערוועלט, וואס זיינען
דעפארמירט, אי גייסטיק, אי מאראליש, וועמעס פארנאסע איז פארראט,
וואס פאראומרייניקן די לופט מיט זייער אטעמען, צו באקעמפן
די קליינע פאדערונגען פון יענעם גרויסן טייל פון אונזער לאנד,
וואס וויל דאס מינימאלע — צו לעבן ווי מענטשן דארפן לעבן.
איך וויל אייך אבער ווארענען: אויב איר זייט בעעמעס פריינט
פון אונזער גרויסער רעפובליק, ווי איר באטאנט עס בא יעטווידער
געלעגנהייט,

וועט איר מוזן נאכגעבן די גערעכטע פאדערונגען אונזערע.
דער ווילן אונזערער איז שטאל. מיר וועלן קעמפן אונזער קאמף,
ביז דעם לעצטן אטעם־צוג. א דאנק!

**אלטגעלט:**

מיר האבן געהערט די טיינעס. די לאגע קען ניט זיין קלערער ווי זי איז.
מיין מיינונג איז, אז אונזער פריינט דעבס דארף עטוואס ארונטערלאזן,
און מיסטער היל דארף נאכגעבן א טייל, און אויסגלייכן זיך.
ווי מיינען די אנדערע צוויי הערן?

**מיטגליד פון האַנדלסקאַמער:**

כ'מיין, ס'איז דער איינציקער וועג.

**אַרבעטער־פאַרטרעטער:**

כ'מיין אויך אַזוי.

**דעבס:**

מיר האָבן ניט, וואָס אַרונטערצולאָזן. די פאָדערונגען זיינען די סאַמע קלענצטע.

**היל:**

(טראַכט אַ ווײַלע) ..

קיין ברייערע האָב איך ניט. כ'וועל מוזן נאָכגעבן. מען צווינגט מיך. איך זאָג אָבער נאָכאַמאָל, ס'איז קעגן די אינטערעסן פונעם לאַנד. ס'איז ניט געזעצלעך.

**דעבס:**

וואָס רעדט איר פון ניט־געזעצלעכקייט! איר קענט זיך דען פאָרשטעלן די פרייד, וואָס דאָס וועט שאַפן אין די קליינע, ענגע היימען פון די אָרימע מענטשן!

איך זע פאַר מיינע אויגן דעם אויסדרוק פון דאנקבארקייט אויף די פּנימער

פון די ווייבער און די קליינע קינדער. די פרייד פון קליינע קינדער!

איך וואָלט מיין גאַנץ לעבן אַוועקגעשענקט, ווען איך ווייס, אַז איך וועל נאָר

איין מענטשן ברענגען פרייד. און דאָ וועלן דאָך דערפרייט ווערן אַזוי פיל מענטשן!

**היל:**

(וואַרטנדיק ביז די פּאַפּירן וועלן פאַרטיק ווערן)

מיסטער דעבס, דו האָסט פאַר דיינע אַרבעטער אַ העכערונג געקראָגן. ווי אַזוי קען איך אַ העכערונג אין מיינע סכירעס קריגן?

**דעבס:**

זייער פּאָשעט. כ'על פאָרשלאָגן דיין נאָמען אַלס מיטגליד פון דער יוניאָן.

(עס עפנט זיך די טיר, איינער פון הילס סעקרעטאַרן לויפט אַריין

מיט אַ צייטונג אין האַנט, גייט צו צו הילן, ווייזט איִם
די צייטונג.)

**היל:**

(נעמט די צייטונג, לייענט פאַר זיך)
כ'האָב כאַראָטע. כ'גיב ניט נאָך! (שמייכלט זיגעריש.)

**אַלטגעלט:**

(נעמט די צייטונג, לייענט הויך:)
„דער פּרעזידענט האָט באַשלאָסן צו שיקן
פעדעראַלע זעלנער צו אונטערדריקן דעם אופשטאַנד, אָפּצושאַפן
דעם צושטאַנד פון אַנאַרכיע, און איינשטעלן אָרדענונג! גערעכט
ווענדט אָן דעם אַנטי־טראָסט געזעץ צו פאַרווערן אַרבעטער־יוניאָנס
צו קאָנטראָלירן דעם פאַרקער פון באַנען!" (עמפּאַטיש)
ס'איז אומגעזעצלעך! נישטאָ קיין אומאָרדענונגען באַ מיר אין
שטאַט!
ווי וואַגט ער אָן מיין דערלויבעניש!
פאַרשוועכט דעם פרייהייט־גייסט פון אונזערע פאָטערס! כ'וועל עס
ניט דערלאָזן,
אַזוי לאַנג ווי איך בין גאָווערנאָר!

**דעבס:**

פאַרראַט!

**היל:**

איצט ווייסטו שוין אַליין, וואָס דו האָסט צו זאָגן דיינע אָרדענונג־
שטערער!

**אַלטגעלט:**

ווי האָט ער געוואַגט!...

**היל:**

מיינע הערן, אַ דאַנק איַך אַלעמען פאַר אייער מי. אַ גוטן טאָג!

**דעבס:**

איך וואָרן אייך! ס'וועט זיין אַ צווייטער בירגער־קריג!...

(פורהאַנג)

# בילד צען

(אַ סקווער אין שטאָט. עטלעכע אַרבעטלאָזע רעדן צווישן זיך).

**ערשטער:**

געלוינט זיך מאַקריוו זיין אין בירגער־קריג!
איינשטעלן אין קאָן דאָס לעבן! הונגערן!
שלאָפן אין פאַרפעסטעטע טראַנשייען!
איך טראָג נאָך איצט סימאָנים פון די וואונדן,
אָט דאָ (ווייזט אָף דער זייט) ווען אַ קויל
איז מיר אַריינגעפאָרן. איך האָב געמיינט כ׳בין שוין פאַרביי.
מ׳האָט מיך אָפּגעראַטעוועט, צוריקגעבראַכט צום לעבן.
בעשאַס איך בין געלעגן אין שפּיטאָל, האָב איך געהערט די נייעס
אַז פאָטער אייב האָט געוואונען די מילכאָמע.
וואָס פאַר אַ פרייד עס האָט מיך דאַן אַרומגענומען!
אָט, טראַכט איך, עס האָט זיך דאָך געלוינט!
די דעמאָקראַטיע האָט געזיגט! איך האָב געטראַכט,
איך וועל געזונט ווערן, און וועל באַגעגענען
אַ ניי און ליכטיק לעבן. ווער האָט געקענט דערוואַרטן,
אַז ס׳וועט אַזוי זיך אויסלאָזן?
אָפּט דוכט זיך מיר, אַז ס׳איז דאָס לאַנד געשטאָרבן
צוזאַמען מיט דעם לעצטן גרויסן פון די פאָטערס.

**צווייטער:**

דאָס לאַנד איז דאָ. די דעמאָקראַטיע איז געשטאָרבן!

**ערשטער:**

די ווערטער זיינע קלינגען נאָך איצט אין מיינע אויערן,
ווי איך וואָלט זיי נעכטן ערשט געהערט.
מען דאַרף, זאָגט ער, איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרזיכערן,
אַז די רעגירונג פונעם פאָלק, דורכן פאָלק, און פאַרן פאָלק,

זאָל ניט פאַרשווינדן פון דער ערד. כ׳געדענק
ווי ער איז איינמאָל געקומען אונז באַזוכן אין שפּיטאָל.
זיין פּאָנים צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי זיינע יאָרן.
פון יעדן קנייטש האָבן אַרויסגעקוקט די ליידן זיינע.
מיט אַ געבויגענעם קאָפּ איז ער געגאַנגען פון בעט צו בעט,
געטרייסט, געגלעט, באַרואיקט. ער איז צוגעקומען צו מיר,
און אויף מיין שטערן אַרויפגעלייגט זיין פאָטערלעכע האַנט.
וואָס מאַכסטו, זאָגט ער, זון? כ׳בין גליקלעך, זאָג איך, פאָטער
אייבראַהעם,
וואָס מיר האָבן געוואונען. מיין זון, זאָגט ער,
כ׳בין גליקלעך מיט דיר, און לייד צוגלייך מיט דיר.
דו ליידסט פון קערפּערלעכע וואונדן,
און איך פון וואונדן אויף דער נשמה.
און אין די אויגן זיינען אים געשטאַנען טרערן.
אַ גרויסער, שטאַרקער מענטש, און האָט געוויינט,
פון גליק וואָס עס האָט געזיגט די דעמאָקראַטיע,
פון פּיין, וואָס עס איז פאַרגאָסן געוואָרן
אַזוי פיל בלוט פון ביידע זייטן...

**צווייטער:**

ס׳וועט נעמען לאַנג, ביז זיינע ווערטער וועלן זיין געזעץ.

**ערשטער:**

ער האָט ניט דערלעבט צו קענען באַפעסטיקן זיין זיג,
מען זאָל עס נישט קענען אויסוואָרצלען. דאָס לאַנד
וואָלט איצט געהאַט אַן אַנדער פּאָנים, ווען ער וואָלט געלעבט.
דער סאָטן האָט אונטערגעשטופּט די האַנט וואָס האָט אים געשאָסן.

**צווייטער:**

ניט דער סאָטן. די מאַכט פון גאָלד האָט עס געטאָן.
די אינדוסטריאַליסטן פון דער נאָרד האָבן געדאַרפט אים האָבן,
ער זאָל פאַר זיי געווינען די אויבערהערשאַפט, די מאַכט פאַר זיי
אויסקעמפן.
און באַלד ווי ער האָט די זיג באַזיגט, אָפּגעשאַפט שקלאַפעריי
פון שוואַרצע,

געבראָכן דעם רוקנביין פון די פלאַנטאַטאָרס, מיינענדיק
אַז ער טוט עס פאַר דעם וואוילזיין פונעם פאָלק, פאַר דעמאָקראַטיע,
האָבן זיי דערזען אין אים אַ גרויס געפאַר פאַר זיך.
זיין גרויסער ערנסט האָט זיי אָפּגעשראָקן. זיי האָבן דערזען,
אַז ער מיינט מיט אַן עמעם די הערשאַפט פונעם פאָלק,
אַז ער וויל די רייד וואָס ער האָט גערעדט אין געטיסבורג,
פאַרקערפּערן אין טאַטן, האָבן זיי אים אָפּגערומט פון וועג,
און פריי, און אומגעשטערט פאַרכאַפּט די מאַכט.

**ערשטער:**
און מיר זיינען געבליבן באַ די וואונדן.

**צווייטער:**
און באַ אַ נייער שקלאַפעריי.

**ערשטער:**
און אָן אַ ביסן ברויט פאַר דער מישפּאָכע.

**צווייטער:**
און אָן אַן אויסזיכט אַף צו לעבן ווייטער.

**ערשטער:**
אָן רעכט אפילע צו קענען שטאַרבן ווי אַ מענטש.

**צווייטער:**
און אָט (ווייזט אַף אַ צייטונג) דערציילט מען
מייסעס פון טויזנט און איין נאַכט. ס׳ליגט גאָלד
אין אַלע גאַסן. ס׳קען יעדער איינער קומען נעמען, ווער עס וויל.
דער שטאָל מאַגנאַט, גערהאַרט, האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע
אַלס שיק־אינגל. דער זייפן־פאַבריקאַנט, מעקאָי, איז געווען
אַן אַרבעטער, אַן אָרימאַן. דער פּרעזידענט פון דער
אייזנבאַן־געזעלשאַפט, האָט פאַרקויפט צייטונגען.

**ערשטער:**
צוויי וואָכן שוין, אַז איך בין פון דער היים.
כ׳דערזע דאָס אָפּגעצערטע ווייב, די הונגעריקע קינדער,
פאַרקלעמט דאָס האַרץ. איך שעם זיך זיי צו קוקן אין די אויגן.
כ׳האָב צוויי געזונטע הענט, און קען מיט זיי קיין פּעני ניט פאַרדינען.

**צווייטער:**

נאָר פאַנדן זאַמלען זיי אַף אויסצוטיילן צדאָקע. פרייע קיכן,
אַף אויסצוטיילן שטינקענדיקן זופּ און שלעכטע קאַווע.
אַ פאָלק פון בעטלער ווילן זיי באַשאַפן. וואָס גיבן זיי
בעסער ניט קיין אַרבעט?

**ערשטער:**

דאָס לאַנד איז איבערפילט מיט גאָלד.

**צווייטער:**

קליינע קינדער גייען אויס פון הונגער.

**ערשטער:**

ס׳איז טוואַוע אינעם לאַנד פאַראַן אָן שיר.

**צווייטער:**

מענטשן האָבן ניט קיין שטיקל ברויט צום עסן.

**ערשטער:**

דאָס לאַנד האָט קוילן אָן אַ שיר.

**צווייטער:**

ניטאָ מיט וואָס דעם קערפּער צו דערוואַרימען.

**ערשטער:**

די קראָמען זיינען פול מיט קליידער אַלערליי.

**צווייטער:**

ניטאָ קיין העמד זיך אָנצוטאָן אַפן לייב.

**ערשטער:**

די פּריסטער רעדן נאָר פון גאָט און ליבע.

**צווייטער:**

עס שלאָגט די פּאָליציי פאַר וועלן לעבן.

**ערשטער:**

פאָטער אייבראַהעם, דערבאַרים זיך אַף אונז! . . .

**צווייטער:**

דערבאַרים זיך! . . .

(עס גייט פאַרביי דעבס)

**דעבס:**

זייט געגריסט, מענטשן!

**ערשטער:**

וואָס ווילסטו! ?

**צווייטער:**

געקומען אויסגעפינען צי מאַכן מיר ניט קיין רעוואָלוציעס ?

**דעבס:**

מיינע פריינט, איך ווייס, ס'איז אייך ביטער אפן הארצן. מיר אויך.
לאָזט ניט די ביטערניש דעם צוטרוי צום מענטש אין אייך
דערהאַרגענען.

**ערשטער:**

איך האָב דעם דריטן טאָג שוין ניט געגעסן.

**צווייטער:**

איך האָב קיין בעט שוין ניט געזען אין וואָכן.

**דעבס:**

(נעמט אַרויס פון קעשענע געלט) נאַט, צעטיילט זיך!
(דייוויד, דעבסיעס א באַקאַנטער. גייט פאַרביי)

**דעבס:**

(רופט) דייוויד, דייוויד! ...

**דייוויד:**

העלאָ, וויקטאָר! ...

**דעבס:**

גאָט האָט דיך געשיקט!

**דייוויד:**

וואָס איז געשען ?

**דעבס:**

גאָרנישט. האָסט עפּעס געלט ?

**דייוויד:**

וויפל דאַרפסטו ?

**דעבס:**

וויפל דו האָסט. כ'וועל דיר שפּעטער אָפּגעבן.

**דייוויד:**

(נעמט אַרויס וויפל געלט ער האָט און גיט עס דעבסן).

**דעבס:**

(צו די צוויי) נאַט, ט'האָט איר נאָך. צעטיילט זיך.
אַ גוטן טאָג מיינע פריינט. האָט קיין פאַריבל ניט
וואָס איך קען אייך ניט געבן מער.

(דעבס און דייוויד אָפּ.)

(די צוויי שטייען און קוקן זיי נאָך צעטומלטע)

**ערשטער:**

וואָס טוט זיך דאָ?

**צווייטער:**

איך ווייס נישט. איך בין צעטומלט...

**ערשטער:**

מיר כאָלעמען, צי איז דאָס וואָר?

**צווייטער:**

(קלינגט מיטן געלט) דו הערסט?

**ערשטער:**

איך הער. ס'קלינגט זילבער.

**צווייטער:**

מוז עס זיין וואָר.

**ערשטער:**

ווער איז ער?

**צווייטער:**

עפּשער סאַנטאַ קלאָז?

**ערשטער:**

קיין טויטע גייען אױף דער ערד נישט אום.

**צווייטער:**

ווער איז ער פאָרט?

**ערשטער:**

זיינע אויגן האָבן געלויכטן מיט אַזוי פיל גוטסקייט...

האָסט באַמערקט זיינע אויגן?

**צווייטער:**

אַף זיין פּאָנים איז געווען אַזוי פיל מיטלייד...

**ערשטער:**

און איך האָב אים באַליידיקט...

**צווייטער:**

מיר האָבן אים אַפילע ניט באַדאַנקט...

**ערשטער:**

לאָמיר לויפן אים אופזוכן, אַ דאַנק אים זאָגן...

**צווייטער:**

איך האָב ניט באַמערקט אין וועלכער זייט ער איז אַוועק.

**ערשטער:**

איך אויך נישט. ער האָט מיך אַזוי צעטומלט.

**צווייטער:**

ווער איז ער פאָרט?

**ערשטער:**

ער האָט געזאָגט „לאָזט די ביטערניש דעם צוטרוי

צום מענטש אין אייך ניט אָפּטויטן".

**צווייטער:**

אַ הייליקער!...

**ערשטער:**

אַ מענטש!...

(פוירהאַנג)

## בילד עלף

(אַ צימער אין דעבסעס הויז. דעבס, זיין ברודער טעאָדאָר און פרוי דעבס.)

**דעבס:**

(גייט אַרום נערוועז הין און צוריק) די הינטישע זין!...
אַ בונד, אַ הייליקן געמאַכט! מאַגנאַט און פּריסטער און רעגירונג, געמאַכט אַ בונד אַף צו דערשטיקן דאָס לעצטע ביסל מענטשלעכקייט!

**טעאָדאָר:**

באַרואיק זיך, ברודער. נעם זיך ניט אַזוי שטאַרק צום האַרצן. וועסט קראַנק ווערן.
דאָס פאָלק דאַרף דיך איצט האָבן מער ווי ווען ס'איז פריער.
די אַרבעטער זיינען באַזיגט, דערשלאָגן. מען דאַרף זיי אויפמונטערן, אַריינגעבן אין זיי נייע קויכעס, צום נייעם קאַמף.
קיין אַנדערער ווי דו קען דאָס ניט טאָן. זיי גלויבן אין דיר.

**פרוי דעבס:**

וויקטאָר, איך מיין, אַז דו האָסט באַדאַרפט אַמאָל אַ טראַכט טאָן וועגן זיך אויך, און וועגן מיר. מיר זיינען דאָך פאַרהייראַט.
אָפטמאָל דוכט זיך מיר, אַז איך האָב גאָרניט כאַסענע געהאַט מיט קיין מאַן,
נאָר מיר אַ זאַך וואָס הייסט אַרבעטער־באַוועגונג.

**דעבס:**

מיין ליבע, גוטע, קעטרין, ביסט גערעכט. כ'בין שולדיק. זיי מיר מויכל.
איך וויים דו ליידסט. דו ביסט אַ פרוי און איך פאַרנאַכלעסיק דיך צופיל.
כ'לאָז איבער דיך אַף גאַנצע טעג, און אָפטמאָל וואָכן, ווייל ס'נעמט די אַרבעט מיינע מיך אַוועק.

דו לײדסט, און שװײגסט. װי װאונדערלעך דו ביסט! װי ליב איך
האָב דיך!
איך װײס ניט װאָס איך װאָלט געטאָן אָן דיר. גאָט האָט פון הימל
דיך אַראָפּגעשיקט צו מיר, װי אַ גוטן מאַלעך, זאָלסט מיך באַגלײטן
און היטן אױף מײן שװערן װעג.
מיר לײדן, קעטרין, מיר בײדע לײדן. װאָס קען איך טאָן,
אַז גאָט האָט מיר געשענקט אַ האַרץ פאַר אַנדערע?
ניטאָ קײן זאַך װאָס איך װאָלט ניט געטאָן, צו העלפן ראַטעװען
די לײדנדע און אונטערגײענדיקע מענטשהײט.
װען איך זע װי מענטשן אַרום מיר לײדן, לײד איך אױך.
און װען איך שטרענג זיך אָן צו העלפן אַנדערע,
טו איך דאָס בלױז צו העלפן זיך אַלײן.
קעטרין, מײן ליבע, גוטע קעטרין, כ'האָב דיר, נאָר דיר,
און מײן גוטן טעאָדאָר, אײך בײדן האָב איך צו פאַרדאַנקען
דאָס װאָס עס קלעקן מיר קױכעס און קוראַזש
צו פירן אָט דעם שװערן און ביטערן קאַמף.
די פרײד פון קאַמף, די האָפענונג אױף דער ענדלעכער דערלײזונג
פון דער מענטשהײט, זאָל זײן אונזער באַלױנונג.

**פרוי דעבס:**

מײן גוטער װיקטאָר!...

**דעבס:**

איך דאַנק דיר, קעטרין. (צו טעאָדאָרן) קום אַהער, טעאָדאָר.
(נעמט זײ בײדן אַרום) איך דאַרף אײך בײדן איצט. שטײט מיט מיר,
און אַלע דרײ װעלן מיר דעם קאַמף געװינען.

**פרוי דעבס:**

ליבער װיקטאָר!...

**טעאָדאָר:**

ברודער!...

**דעבס:**

(אױפגעלעבט) זײ מײנען זײ װעלן דערשטיקן מענטשלעכקײט מיט
געזעץ!

דאָס בלוט פון די פּאָטערס, דאָס בלוט פון פּאָטער אייבראַהאַם, און פון
טויזנטער אומבאַקאַנטע, וואָס זיינען מיט אים געפאַלן, איז פאַרגאָסן
געוואָרן ניט אומזיסט. די שטים פון געטיסבורג מוז ווידער
אָנהייבן צו קלינגען אין די אויערן און הערצער פונעם פּאָלק.
איך גלויב אין דעם געזונטן כוש פון פּאָלק, איך גלויב אין מענטש! . . .
(עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר)

**פרוי דעבס:**

אריין! . . . (קיינער קומט ניט) ..

**דעבס:**

(גייט צו און עפנט די טיר) קום אריין. וועמען דאַרפסטו?

**מיידל:**

(קומט אַריין אַ צעשראָקענע) גוטע מענטשן,
טרייבט מיך ניט ארוים! . . .

**דעבס:**

(נעמט זי פּאָטערלעך אָן פאַר אַ האַנט) וואָס איז דיר?
עס קלאַפּט דיר אַ צאָן אָן אַ צאָן. דו ציטערסט.
קום, זעץ זיך, באַרואיק זיך. ווער ביסטו? וואָס איז געשען?

**מיידל:**

(זעצט זיך, כאַפּט אָפּ דעם אָטעם) אַ דאַנק אייך גוטע מענטשן.
גאָטס האַנט האָט מיך געפירט צו אייער טיר.

**דעבס:**

וואָס איז געשען? דערצייל.

**מיידל:**

זיי האָבן מיך נאָכגעיאָגט ווי הינט, ווי בלוטיקע, אַ האָז.
געוואָלט פון שטאָט ארויסטרייבן.

**דעבס:**

פאַרוואָס?

**מיידל:**

זיי זאָגן, ס'איז אַ געפאַר צו לאָזן מיך איבערן שטאָט ארומגיין פראַנק
און פריי.

ב׳וועל קאַליע מאַכן, זאָגן זיי, די מאָראַל פון זייערע טעכטער און די ווייבער זייערע.

**דעבס:**

ווי אַזוי ?

**מיידל:**

איך בין אַן אויסגעלאַסענע (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ).

**דעבס:**

ווי אַזוי איז דאָס געשען ? ביסט אַזוי יונג
ווי אַלט ביסטו ?

**מיידל:**

אַכצן יאָר.

**דעבס:**

ווי קומסטו צו אַזאַ סאָרט לעבן ?
וואו זיינען דיינע עלטערן ?

**מיידל:**

טויט.

**דעבס:**

האָסט שוועסטער, ברידער ?

**מיידל:**

נאָך קינדער. איך בין די עלצטע.

**דעבס:**

וואָס האָט דיך געטריבן אויף דער גאַס ?
דו ווייסט ניט וואָס אַזאַ סאָרט לעבן מיינט ?

**מיידל:**

דער הונגער. מיין פאָטער האָט געאַרבעט אויף די באַנען.
בײַ אַ צוזאַמענשטויס איז ער דערהאַרגעט געוואָרן.
די מוטער איז פון צאָרעס און האַרצווייטיק געשטאָרבן.
דער פאָטער איז שולדיק געבליבן דער באַן־געזעלשאַפט אַ סומע געלט.
זיי האָבן געסטראַשעט אַרויסצוזעצן פון דער דירע.
איך האָב געזוכט אַרבעט וואָכן נאָכאַנאַנד און ניט געפונען.

און דאָ האָט דער אַלטער סוואַנסאָן, דער עלצטער פון דער קירך,
פאַרפאָלגט מיך מיט זיינע פאַרשלאַגן. כ'וועל גוט באַצאָלן, זאָגט ער,
ווערסט קענען אָפּצאָלן דיין כוויוו דער באַן־געזעלשאַפט, און לעבן אין
זאָרג.
דער הונגער איז געשטאַנען פאַר דער טיר. די געפאַר פון בלייבן אין
א דירע.
קיין אַנדער ברייירע ניט געבליבן. איך בין צו אים געקומען.
געווען מיט אים. און אַז ער האָט דערפילט מען איז אים כוישעד,
האָט ער אַ בילבל אויסגעטראַכט אויף מיר, און גענומען העצן
מען זאָל מיך אַרויסטרייבן פון שטאָט. מיר איז געלונגען
דורך אַ פינצטער געסל צו אַנטלויפן. ווי אַ געהיימע האַנט
האָט מיך באַ אייער טיר פאַרהאַלטן. ווי אימיצער
וואָלט מיר א שטופּ געטאָן די האַנט. כ'האָב אָנגעקלאַפּט.
נאָטס האַנט האָט מיך געפירט צו אייער טיר.

**פרוי דעבס:**

מיין אָרים קינד! קום וואַש זיך אַרום.
איך וועל דערווייל ניין צוגרייטן דיר עסן.

**טעאָדאָר:**

לומפּן! . . .

**דעבס:**

די דעמאָקראַטיע איז געפאַלן! . . .
(פוירהאַנג פאַלט צו באַצייכענען דאָס פאַרגיין פון צייט.
עטלעכע טעג שפּעטער. דאָס זעלבע צימער).

**דעבס:**

(לייענט פון אַ צייטונג) „דער געפערלעכער אַנאַרכיסט, דעבס,
וואָס האָט אופגעהעצט די באַן־אַרבעטער, אַרויסצוגיין אין סטרייק,
און דורך דעם רואינירט טויזנטער אומשולדיקע מענטשן,
האָפנדיק אַז ס'וועט אים געלינגען מיט אַזעלכע מיטלען
צו פאַרכאַפּן די מאַכט און שטירצן די דעמאָקראַטיע,
וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן מיט בלוט פון אונזערע פאָטערס,
און פאַר וועלכער אונזער גרויסער פאָטער לינקאָלן האָט באַצאָלט
מיטן לעבן,

איז איצט דערשינען אין אַ נייער ראָל. ער איז געוואָרן
דער באַשיצער פון פּראָסטיטוציע. אַ מיידל פון זיין שטאָט
האָט זיך פאַרגלוסט אַ לייכט און פריילעך לעבן.
אַנשטאָט צו אַרבעטן און גיין אין קירך, ווי אַלע אַנשטענדיקע מענטשן,
איז זי אַוועקגעגאַנגען האַנדלען מיט איר קערפּער.
זי האָט זיך אָנגעבאָטן צו אַ פאַרהייראַטן מאַן,
אַ פאָטער פון דערוואַקסענע טעכטער, אַ הויך געאַכטעטן
און רעספּעקטאַבעלן בירגער. דער דאָזיקער מאַן האָט,
ווי אַ גוטער היטער פון מאָראַל, נאַטירלעך גלייך דערלאַנגט עס
צו די שטאָט אויטאָריטעטן. די בירגער זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן,
און עטלעכע פון זיי האָבן אַף זיך גענומען די הייליקע פליכט
אַרויסצוטרייבן זי פון שטאָט און שיצן די מאָראַל פון זייערע טעכטער.
זי האָט זיך אויסגעדרייט פון זייערע הענט און איז פאַרשוואונדן.
אַ הויז־צו־הויז באַזוך האָט אויפגעדעקט, אַז זי געפינט זיך
אונטער דער שוץ פון דעם אַנאַרכיסט, פאַררעטער און פירער
פון די באָמבן־וואַרפערס, דעבס. ווי מען גיט אונז איבער,
האָט פרוי דעבס, וואָס איז אַן אַנשטענדיקע פרוי, געפאָדערט
ער זאָל די כצופע אַרויסיאָגן פון הויז. עס איז אַנטשטאַנען אַ קריג
צווישן מאַן און ווייב, און פרוי דעבס האָט פאַרלאָזט דאָס הויז".

**טעאָדאָר:**

לומפּן! . . . מען דאַרף עס ברענגען צום געריכט.

**דעבס:**

גערענק איין זאַך. אַ בילבל ווען מען פּרואווט אים אַפּלייקענען,
גיט צו מער וויכטיקייט דער פאַלשקייט. פאַרשוויג עס,
און עס וועט שטאַרבן אַ נאַטירלעכן טויט.

(עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. עטלעכע מענער קומען אַריין
אָנגעפירט פון בירגער סוואַנסאָן).

**סוואַנסאָן:**

עס האָט אונז אויסגעקליבן די געמיינדע, בא דער פאַרזאַמלונג
לעצטע נאַכט אין קירך, מיר זאָל דיך אופּפאָדערן, אין נאָמען פון
מאָראַל,
אַרויסצוגעבן אונז די כצופע, וואָס געפינט זיך אין דיין הויז,

מיר זאָלן זי קענען אַרויסטרייבן פון שטאָט, און דערמיט פאַרהיטן
אַז זי זאָל ניט קומען אין באַריר מיט אונזערע טעכטער.
דו רואינירסט די רעפּוטאַציע פון דיין הויז־געזינד, דעבס.

**דעבס:**

דו שעמסט זיך ניט צו קוקן מיר אין פּאָנים, סוואַנסאָן ?

**סוואַנסאָן:**

איך האָב זיך ניט וואָס צו שעמען, ניט פאַר גאָט און ניט פאַר מענטשן.
מיין רעפּוטאַציע איז אַלעמען באַוואוסט. איך גיי אין קירך,
היט אָפּ ס'געזעץ, און די מאָראַל. (צו די אַנדערע) ניט עמעס ?

**עלצטע:**

סוואַנסאָן איז איינער פון אונזערע שענצטע בירגער.
דער עלצטער ריכטער פון דעם שטאָט שטייט איין בא אים,
ווען ער קומט אין שטאָט צופאָרן.

**דעבס:**

דאָס איז גאָר ניט קיין באַווייז.

**סוואַנסאָן:**

וואָס מיינסטו ?

**דעבס:**

דו ווייסט גאַנץ גוט וואָס איך מיין.

**סוואַנסאָן:**

ס'איז לעסטערונג ! מיר וועלן עס ניט דערלאָזן ! . . .

**דעבס:**

(גייט צו צו אַ טיר וואָס פירט אין אַן אַנדער צימער. עפנט די טיר)
קעטרין, מיידל, קומט אריין ! (דעבס נעמט דאָס מיידל אונטערן אָרעם,
פירט זי צו צו סוואַנסאָנען) קענסט אים ?

**מיידל:**

האַלעוואַי וואָלט איך אים קיינמאָל ניט געקענט, דעם לומפּ !... (וויינט)

**דעבס:**

דערקענסט זי, סוואַנסאָן ?

**סוואַנסאָן:**

אַ געמיינער ליגן ! אַ בילבול אויף אַ רעספּעקטאַבעלן בירגער !

דאָס וועט דיר ניט אראָפּגיין גלאַטיק, דעבם!
וועסט מוזן ענטפערן דעם ריכטער! אַ בילבל! (צו די עלצטע)
קומט! אַ זינד צו שטיין אין הויז פון אַנטיכריסטן!...
ס׳וועט דיר ניט אָפּגיין גלאַטיק!...

**דעבם:**

פאַרגעס ניט האַלטן וואָרט, דו אַלטער הונט!...

(פּוירהאַנג)

# בילד צוועלף

(לייען־צימער אין דעבסעס הויז. אָוונט).

**דעבס:**

(לייענט מאַרקסעס מאַניפעסט, הייבט זיך אַלע ווײַלע אוף, גייט אַרום
הין און צוריק, רעדט צו זיך אַליין) „די געשיכטע
פון דער ביז־איצטיקער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט,
איז די געשיכטע פון קלאַסן־קאַמף ...״
... ער רעדט, דאַכט זיך, ווי אַ מענטש, דער יונגערמאַן, נעבראַסקאַס,
ווי איינער פון פאָלק, וואָס בייגט דעם רוקן אונטערן שווערן לאַסט
פון גאָלד. קימאַט ווי דאָ אין בוך.
(מעדיטירט אַ ווײַלע) נאָר מאָדנע, זיי צינדן דיך ניט אָן.
נעמסט אָן אַ הויפן ווערטער, קוועטשסט צונויף די האַנט, און עפנסט
זי צוריק,
און ס'בלייבן איבער שאָלעכצן פון ווערטער ... און דאָך ...
פאָרט בעסער ווי דאָרט וואו יעדעס וואָרט האָט גאָלדענעם
אונטערשלאַק ...
פאַרבינדן זיך מיט אים, און פּרואוון פון אינווייניק אריינבלאָזן
פייער אין זיינע רייד, מאַמאָשעסדיקייט? ... ארויסטרעטן קעגן אים?
דאָס פאָלק קען מיספאַרשטיין ... וואָס טוט מען? ... הא, וואָס טוט
מען? ...
וועלכער איז דער וועג? ... גאָט, באַווייז אַ צייכן,
ווי דו האָסט אַמאָל געוויזן דעם גרויסן נאָווי,
דעם באַפרייער פון דיין פאָלק! ... (עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין
טיר)
ווער איז דאָרט?

**קאָל:**

עפן! ...

**דעבּס:**

(גייט צו און עפנט די טיר)

**קאָל:**

מען קען אריינקומען ?... איך וועל ניט שטערן ?

**דעבּס:**

ניין, ניין, קום אריין איך בעט דיך.

(עס קומט אַריין אַ מאַן פון מיטעלן וואוקס מיט אַ ברייטער שיינער באָרד, אַ הויכן שטערן און עכט אידיש געזיכט)

**פרעמדער:**

איך בין אַ פרעמדער דאָ, ארומגעבלאָנדזשעט. איך האָב געזען ווי אַלע גייען אין איין ריכטונג אין אַ גרויסן זאַל אריין.
כ'האָב זיך דערוואוסט, אז עס רעדט דאָרט היינט אַ מענטש פון פאָלק דעם ווילן פונעם פאָלק. איך האָב געמיינט כ'וועל דאָרטן טרעפן אַ באַקאַנטן.
איך בין אהין אַוועק, זיך אומגעקוקט און קיינעם ניט געטראָפן.
בין איך ארויס צוריק, און ווידער אָנגעהויבן בלאָנדזשען,
ביז איך האָב דערזען אַ ליכט באַ דיר אין פענצטער.

**דעבּס:**

זיץ, פרעמדער.

**פרעמדער:**

אַ דאַנק.

**דעבּס:**

זוכסט אימיצן אין שטאָט, פרעמדער ? האָסט דאָ באַקאַנטע, קרויווים ? צי עפשער געקומען צוליב געשעפט ?

**פרעמדער:**

צוליב געשעפט.

**דעבּס:**

מיט וואָס פאַרנעמסטו זיך ? אויב ס'איז ניט צופיל כוצפע פון מיין זייט צו פרעגן ? עפשער קען איך דיר באַהילפיק זיין ?

**פרעמדער:**

ס'איז זייער אָנגענעם פון דיין זייט מיט מיר זיך אַזוי שטאַרק צו פאַראינטערעסירן.

קען זיין דו קענסט מיר העלפן. איך זוך אַ מענטשן.

**דעבס:**

האָסט אַן אַדרעס, אַ נאָמען ?

**פרעמדער:**

אָט דאָס איז דאָך דאָס גאַנצע אומגליק. איך האָב ניט קיין אַדרעס,
און זיין נאָמען איז אַרויס מיר פון זיקאָרן. נאָר איין זאַך
בין איך זיכער, אַז דער וועמען איך זוך געפינט זיך דאָ אין שטאָט.

**דעבס:**

מאַכסט מיך צום לאַכן, פרעמדער, דו האָסט ניט קיין אַדרעס,
דו געדענקסט דעם נאָמען ניט, און ביסט זיכער, אַז ער
געפינט זיך דאָ אין שטאָט. עפשער מאַכסטו אַ טאָעס ?
עפשער וואוינט ער גאָר אין אַן אַנדער שטאָט ?

**פרעמדער:**

איך בין זיכער, דאָ אין שטאָט.

**דעבס:**

ווי זעט ער אויס ? וואָלסט אים דערקענט
ווען דו וואָלסט אים גאָס אים אָנגעטראָפן ?

**פרעמדער:**

איך ווייס ניט.

**דעבס:**

האָסט אים אַמאָל באַגעגנט ?

**פרעמדער:**

לאַנג צוריק. ער איז נאָך גאָר אַ קינד געווען.

**דעבס:**

און פון דאַן אָן האָסטו אים ניט געזען ?

**פרעמדער:**

איינמאָל בלויז. ער איז שוין געווען אַ יונגערמאַן.

מיר האָבן זיךביידע אָנגעקוקט אַ ווײַלע. ער מיך, איך אים,
ווי מיר וואָלטן זיך דערקענט. ער איז אָבער, ווײַזט אויס,
געווען ניט זיכער, און איז אַוועק. זינט דאַן
שוין באַלד צוויי צענדליק יאָר.

**דעבס:**

וואָס טוט ער? וואָס איז זײַן באַשעפטיקונג?

**פּרעמדער:**

ווען איך האָב אים געקענט, אַלס אינגל נאָך, איז ער געגאַנגען אין שול.
פון קליינווייז אָן געווען אַ זייער ערנסט אינגל. מען פלעגט אים זעלטן
באַגעגענען אין גאַס מיט קינדער. פון שול אַהיים, און גלייך צו זיך
אין צימער,
און צו די ביכער. ד ער פאָטער זיינער פלעגט דערציילן, אַז פון יענער
זייט טיר
פלעגט מען אָפט הערן ווי ער דעקלאַמירט די רעדע וואָס לינקאָלן האָט
געהאַלטן
אין געטיסבורג. אַן אַנדערש מאָל האָט מען געהערט די ווערטער
דונערן:
„גיב מיר פרייהייט, אָדער גיב מיר טויט!” און נאָך אַן אַנדערש מאָל,
ציטאַטן פון וואָלטער, פון געטע, שילער, הוגאָ. די מוטער זיינע
פלעגט זיך בעטן ער זאָל אַרויס אין גאַס אביסל זיך צו שפּילן.
מוטער, פלעגט ער זאָגן, איך האָב ניט ליב סטאַם צו שפּילן זיך
מיט קינדער. ס׳איז ליבער מיר די שפּיל פון ווערטער און געדאַנקען,
וואָס ליגן אַף די בלעטער פון די ביכער. זאָרג זיך ניט, מוטער,
כ׳וועל אויסוואַקסן געזונט און שטאַרק, ווי אַלע קינדער, און פלעגט
אַרומנעמען די מוטער און זי קושן. אַז ער איז אַלט געוואָרן
פופצן יאָר, איז ער געקומען איינמאָל צו זיין פאָטער. פאָטער,
זאָגט ער, כ׳האָב ניט וואָס צו לערנען מער אין שול. עס קען
די לערערין מיר גאָרניט געבן מער. וואָס זשע ווילסטו טאָן, זון?
פרעגט דער פאָטער. כ׳וויל, זאָגט ער, ווערן אַן אַרבעטער. ס׳איז
צו שווער, זאָגט ער, זון. ביסט נאָך צו יונג פאַר שווערער אַרבעט.
איך וועל דיר אַ גרינגערע באַשעפטיקונג געפינען.
דער פאָטער זיינער האָט געהאַט אַ פריינט, וואָס האָט אויסגעאַרבעט

שניצערייען אלערליי פון האלץ אף צו פארקויפן, האט ער
אוועקגעשיקט אהין דאס אינגל לערנען זיך די ארבעט.
אוועק א שטיקל צייט, דאס אינגל גייט אום אן אומעטיקער.
וואס איז דיר זון? טוט אים אמאל א פרעג דער פאטער.
ביסט עפעס ניט מיט אלעמען. ניט דאס אינגל וואס דו ביסט
אלעמאל געווען. פאטער, זאגט ער, די ארבעט וואס איך טו
איז ניט פאר מיר. איך וויל גיין ארבעטן אף די באנען, פאטער.
אז איך זע די ארבעטער וואס מאכן די באנען צום באוועגן זיך,
אזעלכע פארהארטעוועטע, מיט שטייפע מוסקולן,
און יעדע באוועגונג זייערע אזא פעסטע, אזא זיכערע,
ווי זיי וואלטן באוועגט ניט באנען, נאר דעם גאנצן ערד־קוגל,
צינדט זיך אן אין מיר א בענקעניש אזא, אז כ׳קען
דאס מעסערל אין האנט ניט נעמען. גוט, זון,
זאגט דער פאטער, זאל זיין ווי דו ווילסט. ער איז
ארופגעפאלן דעם פאטער אפן האלז און אים געקושט פאר פרייד.
וואס טוסטו, פאטער? פרעגט די מוטער אים. די ארבעט איז
א שווערע. ער איז דאך נאך א קינד. מיר שרעקט דאס הארץ.
עס טרעפן אומגליקן אזוי פיל אף די באנען.
און דער פאטער זיינער ענטפערט: ס׳וועט גוט זיין, מוטער.
א קינד האט א פארלאנג, זאל עס דערפילט ווערן.
אונזער זון איז נאר א קינד אין יארן. אין סייכל אבער
איז ער שוין א דערוואקסענער. זאל ער אליין פאר זיך
דעם וועג, דעם ריכטיקן געפינען.

**דעבס:**

און ווען האסטו אים צום צווייטן מאל באגעגנט?

**פרעמדער:**

מיט עטלעכע יאר שפעטער. אין א שיינק וואו ס׳פלעגן
זיך פארזאמלען ארבעטער. ס׳איז געווען אומגעפער
אנדערהאלבן צענדליק יאר נאך דעם בירגער־קריג.
די נארד האט זיך גענומען אויפבויען די אינדוסטריע.
די ארבעט איז צוגעגאנגען מיט אזא אימפעט,
אז ס׳האט אין קאפ געשווינדלט. מען האט גענומען

אופבויען פאבריקן, פאנאנדערלייגן רעלסן איבער גאַרן לאַנד.
אַף דער בירזשע האָט געשווינדלט מיט אקציעס. מענטשן
זיינען רייך געוואָרן איבער נאַכט. ס'האָט קינד און קייט
די לעצטע אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס אַוועקגעגעבן אַף קויפן אקציעס.
ס'האָט געהאַלטן באַ דעם, אז אַלע זאָלן ווערן רייך.
נאָר פּלוצלונג האָט ערגעץ וואו אַ רינגעלע געפּלאַצט,
און ס'האָט דער ביניען אָנגעהויבן קראַכן ווי אַ קאָרטנשטוב.
די אַקציעס זיינען געפאַלן ביז צו גאָרנישט.
פאַרמערס האָבן ניט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן זריע.
דעם אַרבעטער איז אויסגעקומען צו הונגערן מיט ווייב און קינדער.
פון צווייטן זייט, אָבער, האָבן די רייכע לייט געלעבט
ווי קיינמאָל בעסער. דאַן האָב איך אים צום צווייטן מאָל געזען.
כ'בין צופעליק אריין אין אַ סאַלון. ער איז געשטאַנען
אינמיטן, און אַרום אים אַ רעדל אַרבעטער. ער האָט גערעדט
וועגן פאַראייניקונג פון אַרבעטער, וועגן יוניאָנס.
ער האָט דערמאָנט אויך לינקאָלן. פאַררופן זיך
אַף יענעמס רייד וועגן אַ רעגירונג פונעם פאָלק און פאַרן פאָלק.
וועגן דעם אַז דאָס לאַנד, די רייכטימער זיינען
דעם גאַנצן פאָלקס פאַרמעגן. די אויגן האָבן אים געשאָסן פייער,
איך בין אַ ווייל געשטאַנען און בין אַוועק.
פון דאַן אָן האָט זיך מיר אַסאַך מאָל אויסגעדאַכט
אַז איך זע אים דאָ און דאָרטן, נאָר יעדעס מאָל
בין איך געווען ניט זיכער.

**דעבס:**

צו וואָס ביסטו אים געקומען איצטער זוכן ?
צו וואָס דאַרפסטו אים ? וואָס איז עס אַזוי וויכטיק ?

**פרעמדער:**

זייער וויכטיק. איך וויל אים איבערגעבן אַ יערושע.

**דעבס:**

אַ יערושע ?

**פרעמדער:**

יאָ, פון זיינעם אַ קאָרעוו וואָס איז געשטאָרבן אין דער ווייט,
און איבערגעלאָזט פאַר אים אַ לעגענדאַריש פאַרמעגן.

**דעבס:**

אַ גרויסע סומע געלט?

**פרעמדער:**

ניין, אַ גרויסע סומע מענטשלעכקייט,
וואָס ער וועט דאַרפן פאַנאַנדערטיילן צו די דוירעס.

**דעבס:**

דאָס איז אינטערעסאַנט. עס קלינגט ווי עפּעס אַ וואונדערלעכע
מייסע.

**פרעמדער:**

איך האָב פּאַפּירן, אונטערגעשריבן פון די ריכטיקע מענטשן.

**דעבס:**

אַ שאָד דו ווייסט קיין נאָמען ניט און קיין איינצלהייטן.
אַזוי לאַנג אים ניט געזען. ער האָט געווים זיך אָן אַ שיר
געביטן. כ'האָב מוירע וועסט אים ניט דערקענען, אַ שאָד!

**פרעמדער:**

עפּעס זאָגט מיר אונטער, אז כ'וועל אים באַגעגענען,
דערקענען און אים איבערגעבן די ירושע.

**דעבס:**

פרעמדער, מיר געפעלט די מייסע, פּרוביר דערמאָנען זיך
אַ בוכשטאַב פון זיין נאָמען, און כ'וועל דיר אים העלפן זוכן.
מיר ביידע וועלן עפּשער אים געפינען.

**פרעמדער:**

אַ דאַנק. איך ווייס דיין נאָמען ניט אַפילע, און דו ניט מיינעם.

**דעבס:**

וויקטאָר, הייס איך.

**פרעמדער:**

וויקטאָר... אַ שיינער נאָמען, וויקטאָר...

**דעבס:**

א דאַנק.

**פרעמדער:**

און איך הייס, קאַרל.

**דעבס:**

אויך א שיינער נאָמען.

**קאַרל:**

(טוט אַ קוק אַריין אין בוך) מעג מען וויסן וואָס דו לייענסט?

**דעבס:**

אַ מענטשלעכער דאָקומענט, וואָס עס האָט געשריבן איינער מאַרקס. ער האָט אויך געהייסן קאַרל, אַזוי ווי דו.

**קאַרל:**

יאָ? אינטערעסאַנט. (מישט אויף דאָס בוך אַף אַ געוויסן בלאַט. לאָזט עס אָפן. נעמט אַרויס דעם זייגער) שוין שפּעט. מ'דאַרף גיין.

**דעבס:**

וואו ווילסטו גיין? דו ביסט א פרעמדער דאָ אין שטאָט. איך וועל דיר מאכן א געלעגער.

**קאַרל:**

א דאַנק. איך מוז אָבער גיין. כ'האָב ליב אין א האָטעל צו שלאָפן. כ'האָב גייענדיק באַמערקט, איר האָט דאָ שיינע האָטעלן.

**דעבס:**

יאָ.

**קאַרל:**

א גוטע נאַכט. א דאַנק פאַר דיין גאַסטפריינטלעכקייט.

**דעבס:**

ווען זע איך דיך?

**קאַרל:**

כ'וועל קומען אינדערפרי.

**דעבס:**

גוט. מיר וועלן זיך אַרויסלאָזן אים זוכן.

**קאַרל:**

יאָ. (גייט אַרויס)

**דעבּס:**

(צו זיך אַליין) אַ מאָדנער צופאַל... קאַרל...
(גייט צום אָפענעם בוך. לייענט) „**אַרבעטער**
פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך! אין קאַמף
וועט איר די פרייהייט אייערע געווינען"! (מיט פרייד)
איך האָב עס!... גאָט האָט מיך געהערט!...
ער האָט געשיקט אַ צייכן!... אַ מאָדנער צופאַל... קאַרל...
אַ דאַנק דיר גאָט פאַר ווייזן מיר דעם וועג!...

(פוירהאַנג)

# מענטש

## בילד דרייצן

(אָנהייב 1917. דאָס לאַנד הייבט זיך אָן גרייטן אַריינצוטרעטן **אין** דער וועלט־מילכאָמע. פון אַלע זייטן נעמט מען צוגרייטן די עפנטלעכע מיינונג. אַ פּלאַטפאָרמע. ווילִיאַמס, פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אַדרעסירט אַן אוילעם).

**ווילִיאַמס:**

מיינע פריינט, איך רעד צו אייך היינט מיט אַ האַרץ אַן אָנגעלאָדנס
און אַ שווערס.
מיר לעבן אין אַ צייט ווען ס'ווערן הערצער אויסגעפּרוּווט. אַ צייט
אַ גרויסע
און אַן אומרואיקע. אַ האַלבע וועלט שטייט איצט אין אוניפאָרם
מיט ביקס
און באַיאָנעט, און עס רייסן פעלקער זיך איינס דאָס אַנדערע פאַר
די גאָרגלען.
מיט אַ צייט צוריק בין איך געשטאַנען אויף דער זעלביקער פּלאַטפאָרמע,
און גערעדט צו אייך וועגן שאָלעם. איר וועט געוויס זיך וואונדערן
ווען איר וועט הערן מיינע רייד: וואָס איז מיט אים אין אַזאַ קורצער
צייט געשען?
באַ פיל פון אייך וועט זיך אויפוועקן דאָס געפיל: ער האָט פאַרראַטן,
נאָר האָט געדולד, און איר וועט זיך איבערצייגן אין מיין
אופריכטיקייט.

איך בין קעגן קריג היינט, פונקט ווי איך בין דאָס געווען דאַן, ווען איר
האָט מיך
צוריקגעשיקט אַלס אייער פּרעזידענט, מיט דעם לאָזונג : „ער האָט אונז
אויסגעהיט
פון אַ מילכאָמע!" כ'בין קעגן קריג ווייל מענטשלעך בלוט איז הייליק.
פרייהייט אָבער איז נאָך הייליקער. געדענקט, מיינע פריינט,
איינעם פון די גרעסטע זין פון אונזער פאָלק, דעם גרויסן מענטש,
און גרויסן ליבהאָבער פון פרייהייט, דעמאָקראַטיע, אייב לינקאָלן.
מיט אַ האַרץ אַ שווערס איז ער אין בירגער־קריג געגאַנגען.
ער האָט קיין אַנדער ברייִרע ניט געהאַט. די דעמאָקראַטיע
איז אין קאַן געשטאַנען. מיט שווערד אין האַנט, און מיט אַ האַרץ
אַ שווערס,
איז ער געגאַנגען פאַרטיידיקן די דעמאָקראַטיע, און פון צעפאַלונג
פאַרהיטן די רעפּובליק. מיר האָבן נאָר אים צו פאַרדאַנקען
דאָס וואָס מיר זיינען היינט. ווי היינט, זיינען געווען מענטשן דאַן
וואָס האָבן ניט געוואָלט קיין קריג. ס'האָט לינקאָלן אָבער
געפאָלגט זיין אייגן האַרץ. ער האָט קלאָר געזען די לאַגע.
עס האָט געמיינט דער אונטערגאַנג פון דעמאָקראַטיע אָדער קריג.
וואָס וואָלט איר גיכער אָנגענומען ?

**אוילעם:**

קריג ! . . .

**וויליאַמס:**

מיר געפינען זיך היינט צו טאָג פּונקט אין אַזאַ לאַגע.
מיר קענען מער ניט שטיין פון וויטן פון אייראָפּע.
עס האָבן אונז פאַרבונדן צופיל פעדים. פּראָגרעס
און ציוויליזאַציע פאָדערן עס. אייראָפּע איז אַ שוועסטער אונזערע.
אַ מענטשן, וואָס האָט דורך מיטלען אַטאָקראַטישע, אונטעריאָכט זיין
פאָלק,
האָט זיך פאַרוואָלט צו ווערן הערשער פון אייראָפּע.
זאָלן זיינע אַמביציעס פאַרווירקלעכט ווערן, און זיין נעקסטער שריט
וועט זיין אַמעריקע. מיר וועלן דאַן זיין מאַכטלאָז קעגן אים.
מיינע פריינט, מיר זיינען אַ דעמאָקראַטיש פאָלק. צו טייער

האָט אונז געקאָסט די אויסגעקעמפטע פרייהייט, אַז מיר זאָלן
עס פאַרלירן. די ציוויליזאַציע פון דער מענטשהייט שטייט אין קאָן.
ס'איז איז אונזער פליכט זי העלפן ראַטעווען. די דעמאָקראַטיע
פון אייראָפּע ראַנגלט זיך, איך הער אירע גסיסע־כאָרכלען,
אויב מיר וועלן איר צו הילף ניט קומען. וואָלט לינקאָלן
איצט פון קייווער אופגעשטאַנען, וואָלט ער געזאָגט: לאָמיר נעמען
די שווערד אין האַנט, און גיין העלפן דער מיט בלוט באַגאָסענער
אייראָפּע, וואָס ראַנגלט זיך קעגן דעם ווילן פון אַן אַטאָקראַט.
ס'איז אונזער פליכט, די פליכט פון יעדן מאַן און פרוי און קינד,
צו שטיין מיט דער רעגירונג אין אָט די געפּרואוווטע טעג,
אין קאַמף פאַר פרייהייט. מיינע פריינט, איך טו דעם ווילן
אייערן, ניט מיינעם.

**אוילעם:**

קריג!... קריג!... טויט די אָטאָקראַטן!... זאָל לעבן די
דעמאָקראַטיע!

(אַן אַנדער פּלאַטפאָרמע. אַ פּריסטער האַלט אַ דראָשע פאַר אַן אוילעם)

**פּריסטער:**

גלויביקע אין גאָט און אין זיין הייליקן זון!
ס'איז מיר היינט זייער שווער צו אייך צו רעדן.
מיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט לײדן. אַ טייל
פון דער וועלט האָט זיך צעקריגט, און ברודער האַרגעט ברודער.
ס'איז קאַין אָנגעפאַלן אַף העוולען, און וויל אים צום צווייטן מאָל
דערמאָרדן.
און גאָט, דער הייליקער, שטייט פון דערווייטן און קוקט צו און
טראַכט:
לאָמיר זען ווי ווייט עס קען די שלעכטסקייט זייערע דערגיין?
גלויביקע! אַ טייוול האָט זיך פאַרשטעלט אין דעם געשטאַלט פון אַ
מענטשן,
אוועקגעזעצט זיך אַף אַ טראָן, און האָט פאַרשקלאַפט אַ פאָלק.
ער וויל זיך אָבער מיט איין פאָלק ניט באַנוגענען. ער וויל די וועלט.
ס'איז די הייליקע פליכט פון יעדן גלויביקן צו קעמפן קעגן טייוול.
מיט גאָטס הילף וועלן מיר אים בייקומען, און צוריקקערן צו גאָט

זיין טייל וועלט, וואָס האָט אָן אים פאַרגעסן. געדענקט גאָטס זון,
וואָס האָט זיך מאַקריוו געווען צו ראַטעווען די מענטשהייט!
געווען אויך דאָן אַ טייוול אין געשטאַלט פון מענטש, וואָס האָט
אים ניט געקענט פאַרטראָגן, און אים געהייסן קרייציקן.
און וואָס איז געשען? עס איז די רוימישע אימפּעריע געפאַלן,
און גאָטס זון לעבט, און וועט לעבן אייביק. גלויביקע!
דאָס גלויבן אין גאָט מוז זיגן! ווי עס שטייט געשריבן:
„און איך וועל זיך באַווייזן, און וועל די קינדער מיינע אויסלייזן!”
געשטאַרקט זאָל זיין די האַנט פון דער רעגירונג!
**מיר דאַרפן אַלע שטיין אַהינטער איר און בעטן גאָט,**
ער זאָל זי פירן אַפן גערעכטן וועג פון זיג. אָמיין!

**אוילעם:**

ער זאָל פירן אַפן גערעכטן וועג פון זיג. אָמיין!
(אַן אַנדער פּלאַטפּאָרמע. אַ ריכטער רעדט) ....

**ריכטער:**

בירגער פון אונזער גרויסער, פרייער רעפּובליק! איר ווייסט וואָס עס
מיינט געזעץ!
דאָס געזעץ אונזערס איז דאָס גערעכטסטע אין דער וועלט. דאָס האָבן
פאַרזאָרגט
פאַר אונז די פאָטערס, וואָס האָבן אונז געגעבן אַן אייביקע ירושע,
די קאָנסטיטוציע,
וואָס האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַפעסטיקט די פרייהייט פון אַלע
מענטשן אינם לאַנד.
בלויז פאָלגנדיק די קאָנסטיטוציע, האָבן מיר דערגרייכט דאָס וואָס
מיר זיינען היינט.
בלויז אויספאָלגנדיק דאָס געזעץ, וואָס גאַראַנטירט די פרייהייט פון
דעם איינצלנעם,
האָבן מיר אין אַזאַ קורצער צייט געקענט פאַרנעמען דאָס ערשטע פּלאַץ
צווישן די פעלקער.
מיר דאַרפן זיין גרייט צו יעדער צייט די קאָנסטיטוציע צו פאַרטיידיקן,
ווען נייטיק, מיטן לעצטן טראָפּן בלוט, אויב מיר ווילן בלייבן לעבן ווי
אַ פריי פאָלק.

**די רעגירונג אונזערע איז א רעגירונג פונעם פאָלק. ס'האָט יעדער איינציקער די דייע.**

די מענטשן וואָס איר קלייבט אויס, זיינען אייערע און טוען אייער ווילן.

די רעגירונג האָט דערפילט, אַז עס שטייט די קאָנסטיטוציע אין געפאַר,

און קומט אייך פרעגן וואָס צו טאָן! ...

**אוילעם:**

פאַרטיידיקן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט! ...

**ריכטער:**

עס וועלן זיך געפינען אַזעלכע וואָס קענען נאָך ניט אָפּשאַצן

די פרייהייט אונזערע, און זיי וועלן אַרויסטרעטן קעגן פאָלק.

דאָס געריכט ווייסט אָבער ווי צו האַנדלען מיט פאַררעטער!

געזעץ און אָרדענונג! די קאָנסטיטוציע איבער אַלץ!

פרייהייט פון איינצלנעם זאָל ניט אונטערגיין! ...

**אוילעם:**

פרייהייט פון איינצלנעם מוז לעבן! ...

(אַן אַנדער פּלאַטפאָרמע. אַ פּראָפעסאָר פון געשיכטע רעדט צו אַ קלאַס)

**פּראָפעסאָר:**

מיר הויבן היינט אָן אַ ניי קאַפּיטל פון געשיכטע. די מאָנראָ דאָקטרין

האָט ביז איצט אונז אָפּגעהאַלטן פון מישן זיך אין אָנגעלעגנהייטן פון אייראָפּע.

פּראָגרעס און ציוויליזאַציע האָבן אָבער אַזוי ווייט דערגרייכט,

אַז מיר מוזן זיין פאַרבונדן אין יעדער הינזיכט, מיט דער גאַנצער וועלט,

אויב מיר וועלן לעבן און וואַקסן ווי אַ פאָלק. עס טרעפן צייטן,

ווי ס'איז אונז גוט באַקאַנט, אַז עס שטייט אויף אַ שטאַרקער מענטש, אַן אַטאָקראַט,

און שטעלט אין קאָן די דעמאָקראַטיע, און זייער אָפּט די גאַנצע ציוויליזאַציע פון דער מענטשהייט.

אַזאַ פאַל האָבן מיר אין אונזער צייט. אויב עס פאַלט די דעמאָקראַטיע אין אייראָפּע,

מיינט עס, אַז אויך אונזער דעמאָקראַטיע איז אין געפאַר. מיר ווייסן אַלע
ווי שווער ס'איז אָנגעקומען די פרייהייט אויסצוקעמפן. מיר טאָרן עס ניט לאָזן אונטערגיין!
סטודענטן פון געשיכטע! יונגער דאָר פון אונזער רעפּובליק!
איר, די מאָרגנדיקע פירער פון דעם לאַנד! איר וועט באַשיצן
די פרייהייט וואָס אונזערע פאָטערס האָבן אויסגעקעמפט?
איר ווילט לעבן ווי פרייע מענטשן, ניט עמעס?

**סטודענטן:**

געוויס, געוויס, ווי אונזערע פאָטערס!...

**פּראָפעסאָר:**

ס'איז אייער פליכט אָנצוטאָן אוניפאָרמען, נעמען די ביקס אין האַנט
און גיין פאַרטיידיקן די פרייהייט!...

**ערשטער סטודענט:**

איך גיי!...

**צווייטער:**

איך גיי!...

**דריטער:**

איך גיי!...

**אַלע:**

פאַרטיידיקן די פרייהייט!...

(אַן אַנדער פּלאַטפאָרמע. עס רעדט אַ זשורנאַליסט)

**זשורנאַליסט:**

מיינע פריינט, עס זיינען אונז טייער ווייב און קינדער. געוויס,
וואָס וואָלט איר אָבער געטאָן ווען עס קומען ווילדע מענטשן,
און נעמען זיך פאַרגוואַלטיקן אייערע פרויען, און שעכטן אייערע קינדער?
ווען עס כאַפּט דער סוינע זיך אַהער אַריבער אין עראָפּלאַנען,
און וואַרפט אַרונטער באָמבעס, און אייערע ווייבער און די קינדער אייערע
פאַלן ווי די פליגן פאַר אייערע אויגן? וואָלט איר געשטאַנען

און צוגעקוקט ווי פייגלינגען און גאָרנישט ניט געטאָן ?
דאָס קען ניט זיין ? איך גלויב אין דער מענערישקייט פון אונזערע מענער !
מיר זיינען פון דעם ערשטן טאָג פון אונזער עקזיסטענץ
געווען א פאָלק פון בראַווע ! א פאָלק פון בלוטדאָרשטיקע כאַיעס
אין געשטאַלט פון מענטשן, איז ווילד געוואָרן אף יענער זייט אַטלאַנטיק,
און דראָט אַריבערכאַפּן זיך דעם יאַם. וואָס וועט מיט אונזער ווייבערטום געשען ?
מען קען זיך שוין פאָרשטעלן !... בירגער פון א גרויסן, בראַוון, לאַנד !
זאָלן מיר שטיין און צוקוקן, ווי בעסטיעס אין געשטאַלט פון מענטשן,
פאַרגוואַלטיקן אונזערע ווייבער ? פאַרשוועכן אונזערע הייליקייטן ! ?

**אוילעם:**

מיר וועלן ניט דערלאָזן !... מיר וועלן אויסראָטן די בעסטיע !...
(די שטימען פון אַלע רעדנער פאַלן אַריין ווי אין אַ כאָר)

**וויליאַמס:**

די ציוויליזאַציע פון דער מענטשהייט שטייט אין קאָן !...

**פּריסטער:**

א טייוול האָט זיך פאַרשטעלט אין דעם געשטאַלט פון א מענטש !...

**ריכטער:**

עס שטייט געזעץ און אָרדענונג אין געפאַר !...

**פּראָפעסאָר:**

די דעמאָקראַטיע גייט אונטער !...

**זשורנאַליסט:**

מען וועט פאַרגוואַלטיקן אונזערע ווייבער !...

**אוילעם:**

ס'וועט ניט געשען !... מיר וועלן ניט דערלאָזן !...
(אַן אַנדער פּלאַטפאָרמע. דעבס רעדט צו אַן אוילעם)

**דעבס:**

מיינע פריינט, איך האָב זיך ערשט צוריקגעקערט פון א באַזוך אין

טפּיסע,
וואו עס זיצן דריי פון אונזערע געטרייסטע קאַמעראַדן. מען האָט זיי איינגעזעצט
פאַר זיין געטריי דעם קלאַס, און דורכן קלאַס, דעם מענטש. זיי האָבן זיך איבערצייגט
אין דער געפאַר פון באַנוצן זיך מיט דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעכט צו רעדן
פריי און אומגעשטערט. רעדנדיק היינט צו אייך, ווייס איך, אַז די פרייהייט
פון מעגן זאָגן וואָס איך טראַכט איז שטאַרק באַגרעניצט. איך וועל אייך עפשער
ניט קענען זאָגן אַלץ וואָס איך טראַכט. איך וועל אייך אָבער אויך ניט זאָגן
דאָס וואָס איך טראַכט ניט. איך וואָלט טויזנט מאָל גיכער געווען
אַ מענטש מיט פרייען גייסט אַהינטער גראַטעס, איידער אַ ליגנער און פעלשער
ארומשפּאַצירן פריי איבער די גאַסן. די כאַווירים אונזערע טוען דאָס
וואָס עס האָט געטאָן יעדער איינציקער אין דער געשיכטע, וואָס האָט געוואַגט
צו זיין אַ מענטש. ווען ניט די מענער און פרויען, וואָס האָבן געוואַגט
פאַר זייער מענטשלעכקייט צו ליידן, וואָלטן מיר נאָך היינט צו טאָג
געזעסן אין די דזשאָנגלס. מיר שטייען היינט פאַר איינער פון די גרעסטע
צייטן אין דער מענטשלעכער געשיכטע. אַ צייט ווען ס'ווערן הערצער אויסגעפּרוווט.
די שוואַכע וועלן זיך אונטערגעבן. די יעניקע אָבער וואָס האַלטן מענטש
און מענטשלעכקייט הייליק, וואָס טראָגן אין זיך זאָמען פון פרייהייט
און גערעכטיקייט, וואָס האָבן דעם מוט צו לאָזן זיך פאַרשפּאַרן הינטער גראַטעס,
זיי שרייבן איצט די נעמען זייערע, מיט ליכטיקע אויסיעס אריין

אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. צי זיינען מיר קעגן
אַטאָקראַטיע ?
געוויס! פאַרגעסט אָבער ניט אז ניט אַלע אָטאָקראַטן געפינען זיך
אין דעם לאַנד,
מיט וועלכן ס'איז אונזער לאַנד אין קריג! מען האַלט אונז אין
איין דערציילן
אז מיר לעבן אין אַ פרייער רעפּובליק, מיר זיינען פרייע מענטשן.
דאָס איז צופיל אַפילע אַלס אַ וויץ! פּאַטריאָטיזם איז דער לעצטער
איר מיקלאַט
פון שאַרלאַטאַנעס וואָס ווילן אייך איינרעדן אַז יעדער איינער וואָס
איז קעגן זיי
איז אַ פאַררעטער. ווער זיצט אין אונזערע געריכטן ? יוריסטן וואָס
ארבעטן
פאַר די פאַרשיידענע געזעלשאַפטן. וואו האָט אַ דעמאָקראַטיע געהערט
פון שקלאַפעריי פון יונגע קינדער ? אָט דאָס געשעט אין אונזער
לאַנד,
וואָס וויל פאַרזיכערן די דעמאָקראַטיע פון דער וועלט! מיינע פריינט,
וואָלט איך מיט איין וואָרט נאָר אייך פאַרראַטן, וואָלט איך היינט
געקענט אַרומפאָרן אין לימוזינען. איך וועל אָבער גיכער פאַרראַטן
די פאַררעטער,
ווי דאָס פאָלק. דער אַרבעטס־מענטש פון איין לאַנד האָט קיינמאָל
ניט דערקלערט קיין קריג דעם אַרבעטס־מענטש פון אַ צווייטן לאַנד!
דאָס האָבן שטענדיק געטאָן די מאַכט־האָבער אין נאָמען פון די
פעלקער.
און ס'פאָלק ווערט פּאַטריאָטיש און פאַרגיסט זיין בלוט.
די מאַכטהאָבער זיצן אָבער אין דער היים. האָט מען אייך געפרעגט
צי ווילט איר קריג ? מען זאָגט אייך אַז דאָס לאַנד איז אין געפאַר,
און איר לויפט. פאַרוואָס פרעגט איר ניט ווער האָט געשטעלט
דאָס לאַנד אייערס אין געפאַר ? פאַרוואָס פאַרגעטערט איר דעם מענטש
פון גאָלד ?
פאַרוואָס הערט איר זיך ניט צו צו אייער אייגן האַרץ ?

פאַרוואָס פאַרשטייט איר ניט, אַז דער גאָלדענער צווילינג, די צוויי
פאַרטייען,
זיינען ניט אייערע פאַרטרעטער? קערט אום די ביקס צו אייער
אינוווייניקסטן סוינע,
אויב נייטיק, אונטער דער פאָן פון אַרבעטנדיקן מענטש!
הערט אוף צו לאָזן זיך פאַרפירן פון אייערע פּריסטער,
וואָס רעדן צו אייך פון געזעץ און אָרדענונג אין גאָטס נאָמען!
זאָרגט זיך ניט ווען מען וועט אייך אָנרופן פאַררעטער. דאָס זיינען
די יעניקע וואָס האָבן דאָס לאַנד אַריינגעשלעפּט אין קריג!
עס רופט צו אייך די שטים פון מענטש: גייט ניט הארגענען
אייערע ברידער!... לאָזט ניט איבערכאַזערן דאָס וואָס איז געשען
אין דער צייט פון דעם ערשטן מענטשן אַף דער ערד.
איך ווייס, פאַר די רייד וואָס איך רעד צו אייך היינט,
וועלן מיך די צייטונגען פון לאַנד, די דינער פון די גאָלד־באַראָנען,
שטעמפּלען אַלס פאַררעטער. דאָס געריכט וועט זוכן
מיך צו פאַרשפּאַרן אין געפענקעניש, צו דערשטיקן
די לעצטע שטים פון מענטשלעכקייט. מיין גייסט אָבער,
דער גייסט פון מענטשלעכקייט און פרידן, וועט זיך טראָגן
איבער גאָר דער וועלט, און רופן דעם מענטשן זיך אומצוקערן
אַף דעם וועג וואָס גאָט האָט פאַר אים אָנגעצייכנט —
דעם וועג פון עמעס, גערעכטיקייט און ליבע.
אויב דאָס מיינט פאַרראַט צום מענטש,
בין איך גרייט פאַר דעם צו ליידן,
צו צאָלן מיט מיין לעצטן אָטעם־צוג, מיט מיין לעצטן טראָפּן בלוט.
איך ווייס מען וועט מיך אַרעסטירן אַזוי גיך
ווי איך טרעט אַרונטער פון דער פּלאַטפאָרמע.
וואו זיינען זיי, די פאַררעטער? איך בין גרייט.

**אוילעם:**

(שווייגט שטיל. וואו ניט וואו הערט זיך אַן איינצלנער אַפּלאָדיסמענט)

**רעגירונגס־אַגענט:**

(קומט צו נאָענט צו דעבסן) קום!...

**פרוי:**
(וויינט) וואוהין האָט מען אים אוועקגענומען?

**מאַן:**
צוויי טויזנט יאָר שוין אַלט די ערשטע קרייצונג.
שוין צייט אַ צווייטע!...

**(פוירהאַנג)**

# בילד פערצן

(אָפּיס פון אַ טעגלעכער צייטונג. עטלעכע פון די מיטאַרבעטער פירן
צווישן זיך אַ געשפּרעך).

**ערשטער:**

אין מיין גאַנצער קאַריערע אַלס צייטונגס־מענטש,
האָב איך אַזוי פיל געלט נאָך קיינמאָל ניט פאַרדינט.

**צווייטער:**

מיר זיינען ניט די איינציקע. אין יעדן פאַך
פאַרדינט מען איצט ווי מענטשן. דאָס פאָלק ווערט רייך.
עס שיט זיך מאַמעש גאָלד אַוואו דו קומסט.

**דריטער:**

און אַרבעטן דאַרף מען אויך ניט שווער. ניט ווי אַמאָל,
פלעגסט זיך דאַרפן אַרומיאָגן איבערן שטאָט צו זוכן נייס.
זיך אָפּשלאָגן די פיס. און צום סאָף וואָך
קוים קענען דורכקומען מיט די פּאָר דאָלער.

**פערטער:**

און דער רעדאַקטאָר פלעגט נאָך שרייען, זידלען זיך, זיך ווארפן.

**ערשטער:**

היינט דאַרף מען בלויז צוגיין צו דעם קלאַפּערל,
אַרויסציען די ווייסע לענטע, און נייס איז דאָ.
וויפיל דו ווילסט אַליין. כאַטש נעם און גיב אַרויס
זעקס צייטונגען אַף אַמאָל.

**צווייטער:**

און וואָס פאַר אַ נייס! אַזוי פיל און אַזוי פיל
אַוועקגעלייגט מיט איין שאָס פון אַ האַרמאַט.
אַ באָמבע געוואָרפן פון אַן עראָפּלאַן, לייגט אַוועק
אַזוי פיל און אַזוי פיל.

**דריטער:**

און ווי מען שלינגט עס אַט די נײַס.

**פערטער:**

וואָס מער מענטשן אַ צײַטונג באַווײַזט אָוועקצולייגן,
אַלץ גרעסער דער טיראַזש.

**ערשטער:**

זיי האָבן זיך פּראָוואָטן איינע די אַנדערע צו איבעריאָגן.

**צווייטער:**

די וועמען דער גרעסטער ציפער וועט געלינגען,
וועט זיין די גרעסטע אין דער וועלט.

**דריטער:**

(פּלוצלונג) ווי לאַנג קען אָנהאַלטן די מילכאָמע ?

**פערטער:**

איך מיין, ווי לאַנג מיר וועלן וועלן.

**דריטער:**

קען מען עס מאַכן פאַר אַ שטענדיקער אינסטיטוציע.

**ערשטער:**

איך האָב אַ פּלאַן ...

**צווייטער:**

וואָס פאַר אַ פּלאַן ?

**ערשטער:**

ווי אַזוי אָנצוהאַלטן די מילכאָמע פּערמאַנענט.

**דריטער:**

דערלאַנג ! מיר וועלן עס באַטראַכטן.

**ערשטער:**

מ׳דאַרף זען, אַז קיינער זאָל ניט געווינען.

**פערטער:**

אויף וויפיל יאָר, מיינסטו, קען קלעקן מענטשן ?

**ערשטער:**

אויף אייביק.

**צווייטער:**

ווי אזוי האָסטו דאָס אויסגערעכנט ?

**ערשטער:**

פּאָשעט. פאַראַן איצט אַף דער וועלט
אזוי פיל און אזוי פיל דערוואָקסענע,
וואָס קענען האַלטן אַ ביקס אין האַנט.
ווען עס פאַלן אַלע יאָר אזוי פיל און אזוי פיל,
און דאָס דאַרף מען רעגולירן, וועט קלעקן
אַף די נעקסטע איין־און-צוואַנציק יאָר.
דורך דער צייט וועלן אונטערוואַקסן נייע,
און אויב די רעגולאַציע וועט נאָר איינגעשטעלט ווערן ריכטיק,
וועט קענען די מילכאָמע־אינדוסטריע געדויערן אייביק.

**צווייטער:**

האָסט אונז שוין אויך אַריינגערעכנט ?

**ערשטער:**

וואו קומען מיר אַריין ?

**דריטער:**

אויב פּערמאַנענט, וועלן מיר אויך מוזן גיין.

**ערשטער:**

עס הייבט זיך גאָר ניט אָן. מיר זיינען באַוואָרנט.

**צווייטער:**

ווי אזוי ?

**ערשטער:**

מיר דאַרפן זיין דאָ, די נייעס פון שלאַכטפעלד צו באַשרייבן.
אָן דעם איז דאָך דאָס גאַנצע גאָרניט ווערט.

**פערטער:**

אַ געניאַלער פּלאַן ! מען וועט דיך נאָך
פאַר הויפּט־רעדאַקטאָר מאַכן.

**פינפטער:**

(קומט אַריין זידלענדיק) אַזאַ נידערטרעכטיקייט !
אַ הינטישער זון אַזאַ ! ס'טגעהערט אַזוינס ?

**ערשטער:**

וואָס איז געשען ?

**פינפטער:**

עס געפעלט אים ניט !

**ערשטער:**

וועמען ?

**פינפטער:**

דעם מעשוגענעם באָלשעוויק !

**ערשטער:**

וואָס געפעלט אים ניט ?

**פינפטער:**

די מילכאָמע !

**צווייטער:**

פאַרוואָס געפעלט זי אים ניט ?

**דריטער:**

א מילכאָמעלע דאַכט זיך א פּראַכט !
מען קען זיך גאָר קיין בעסערע ניט ווינטשן !

**פינפטער:**

א כוצפּע ! הערט נאָר אַן איינפאַל !
ניט אַנדערש, אַז ער איז א מעשוגענער !
וואָס לאָזט מען אים אַרומגיין פראַנק און פריי
איבער די גאַסן ? זיין פּלאַץ איז אין מעשוגאָים-הויז !
ער וועט נאָך אָנשטעקן אַנדערע מיט זיין מעשוגאַס.

**ערשטער:**

וואָס איז געשען ?

**פינפטער:**

עס קאָכט דאָס בלוט אין מיר, ווען איך טו א טראַכט וועגן דעם !
מיר האָבן, דאַכט זיך, א רעגירונג, א דאַנק גאָט, ניט קיין ערגערע
ווי אַלע אַנדערע רעגירונגען. שטאַטסמענער, פּאָליטיקער,
וואָס ווייסן זייער אַרבעט. ווער האָט זיי אויסגעקליבן ?

מיר! פאַר וועמעס אינטערעסן אַרבעטן זיי? פאַר אונזערע!
האָבן זיי געזען, אַז ס'איז נייטיק אַ מילחמה פאַרן לאַנד!
נו!? איז אים, דעם מעשוגענעם, געפעלט עס ניט!

**ערשטער:**

עס געפעלט אים ניט ווי אַזוי מען פירט אָן די מילחמה?
עס געפעלט אים ניט דער סטיל?

**פינפטער:**

ניט דאָס! עס געפעלט אים אין אַלגעמיין ניט קיין מילחמה.

**צווייטער:**

איז וועמען גייט עס אָן?

**דריטער:**

וועט מען באַשטיין דאָס שטעטל אָן אים!

**פערטער:**

עס לוינט זיך ניט אױף דעם קיין ווערטער צו פאַרלירן!

**פינפטער:**

איר האָט אַ טאָעם! דער נייס־רעדאַקטאָר האָט מיך געשיקט אים הערן,
און הייסט מאַכן אַ פיר־קאָלומדיקן קאָפּ איבער די נייס.

**ערשטער:**

איך פאַרשטיי ניט, וואָס עס איז דאָ אַזוי וויכטיק.
איך וואָלט אים אַפילע ניט דערמאָנט.

**צווייטער:**

מען האָט עס געדאַרפט אינגאַנצן איגנאָרירן.

**דריטער:**

איגנאָרירן!...

**פינפטער:**

עס האָט צונויפגעקליבן זיך אַ גרויסער אוילעם.

**צווייטער:**

אוים נייגעריקייט צו הערן אַ מעשוגענעם!....

**פינפטער:**

באדארפט הערן ס'ארא לאשן ! ניטא, זאגט ער,
קיין גערעכטער און אומגערעכטער קריג ! יעדער קריג,
זאגט ער, איז אומגערעכט. געהערט א כוצפע ? !
ער ווייסט בעסער פונעם פרעזידענט ! ...

**פערטער:**

א וויץ ! ...

**פינפטער:**

די רעגירונג, זאגט ער, איז א באנדע גאנאווים,
שווינדלער, באנדיטן, פאררעטער און פארברעכער ! ...

**דריטער:**

און קיינער האט אים גארנישט געטאן ?

**פערטער:**

מען האט עס אים געשוויגן ?

**צווייטער:**

איך וואלט אים אלע ציין ארויסגעהאקט ! ...

**ערשטער:**

איך וואלט אים אונטערגעהאקט די זייטן ! ...

**פינפטער:**

און נאך די אלע רייד האט ער פארגלאצט די אויגן,
ווי א הייליקער, און האט גענומען איינרעדן דעם עולם,
מען זאל ווייזן ווידערשטאנד. ניט פאלגן די רעגירונג.
און דאס קאמישסטע פון דעם איז דאס, וואס נאך די אלע רייד
מאכט ער צום עולם: „איך ווייס מען וועט מיך אנרופן
פאררעטער" ...

**צווייטער:**

ער האט געמיינט מען וועט אים געבן א מעדאל ?

**דריטער:**

אט א וויץ ! ...

**פינפטער:**

און נאכדעם מאכט ער: „איך ווייס,

עס געפינען זיך צווישן אוילעם שפּיאָנען,
וואָס זיינען מיך געקומען ארעסטירן.
כ'בין גרייט, כ'וועל גיין מיט פרייד!..."
איר הערט? ער וועט מיט פרייד
זיך לאָזן ארעסטירן!...

**ערשטער:**

א פולשטענדיקער מעשוגענער!...

**צווייטער:**

זאָל עס אים וואויל באַקומען!...

**דריטער:**

זאָל אים די טפּיסע גרינג זיין!...

**פערטער:**

מען וואָלט געדארפט אים ארומפירן אין א צירק.
ער וואָלט אריינגעבראכט אסאך פארדינסטן.

**ערשטער:**

מען וואָלט גוט באַצאָלט פאר אַנקוקן אזא מעשוגענעם.

**צווייטער:**

אָהאָ, וואָלט מען געצאָלט!...

**דריטער:**

א וואונדער בארנום האָט אים נאָך קיין אַנבאָט ניט געמאַכט.

**פערטער:**

שפּאס אָן א זייט. מען טאָר אים ניט לאָזן ארומגיין פראנק און פריי.

**צווייטער:**

ווען מ'פאָלגט מיך, וואָלט מען פארשפּאַרט אים מישפּעטן.
א שאָד געריכט־הויצאָעס. א קויל אין הארץ, און פּאַטער.

**דריטער:**

עס ווייסט שוין די רעגירונג וואָס זי האָט צו טאָן.

**פינפטער:**

מען וועט אים שוין דערלאַנגען וואָס אים קומט!...
(נייס־רעדאַקטאָר קומט אריין צולויפן).

**נײַ־רעדאַקטאָר:**

וואָס האָט איר זיך צעשמועסט ! ? צעשפּרייט זיך ווי באָם טאָטן אין
ווײַנגאָרטן !

די אַרבעט ברענט אונטער די הענט ! די טישן זײַנען פאַרלייגט מיט
טעלעגראַמעס !

די גרעסטע שלאַכט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט ! . . .
אַזעלכע נײַס ! . . .

הונדערט טויזנט געפאַלן בײַ ווערדון ! פּופּציק טויזנט בײַ
שאַטאָ־טיערי ! . . .

סאָבמאַרין זינקט אַ שיף מיט פּאַסאַזשירן ! . . . עראָפּלאַן וואַרפט
אַרונטער

אַ באָמבע און ווישט אָפּ אַ שטאָט ! . . . דאָס איז דאָך ערשט אָן
אָנהויב !

די גרויסע אָפענסיווע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ! . . . וואָס זיצט
איר ?

פרעגט איך אײַך ! . . . מען וועט אונז אויסכאַפּן די נײַס ! גאַזלאָנים !
איר רואינירט די צײַטונג ! . . .

**ערשטער:**

אָט לויף איך שוין ! . . .

**צווייטער:**

עס וואַקסט די אינדוסטריע ! . . .

**דריטער:**

אָט וועל איך עס אַ שרײַב טאָן ! . . .

**פערטער:**

אַזעלכע נײַס ! . . .

**פינפטער:**

אַזאַ מעשוגענער ! . . .

(פאָרהאַנג)

# בילד פופצן

(אָפּיס פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי . עטלעכע פירער פירן אַ געשפּרעך)

**ערשטער:**

אַז אומגליקלעכע רעדע! ניט געטאָרט אַזאַ שאַרפע רעדע האַלטן!
ער'ט זיצן ווער ווייסט ווי לאַנג. אַ ראַכמאָנעס אָפּן אַלטן!

**צווייטער:**

מ'האָט אים געוואָרנט. ער'ט ניט געוואָלט זיך איינהערן צו קיינעם.

**דריטער:**

אַז ער באַשליסט, וועט קיינער שוין אַף אים ניט ווירקן.

**ערשטער:**

אַ מענטש דאַרף נאָך אַלעמען איינהערן זיך צו אַנדערע אויך.
מ'איז דאָך מער ניט ווי אַ מענטש! מ'קען זיין פאַרבלענדט,
און ניט דערזען דאָס קערנדל פון עמעס.

**צווייטער:**

איך מיין, ער איז טיילווייז אַ פאַנאַטיקער.
דערמאָנט אַסאַך אָן די געשיכטלעכע מאַרטירערס.
אויך יענע זיינען געווען פאַרגלייבט אין זיך, פאַראַקשנט.

**דריטער:**

מיר לעבן היינט אָבער אין אַן אַנדער צייט, אַ צייט פון וויסנשאַפט.
מיר באַנעמען היינט די וועלט מיט אינטעלעקט, ניט נאָר מיט האַרץ.

**ערשטער:**

איך מיין, ער האָט ניט ריכטיק אופגעפּאַסט די לאַגע.
זיין גוטסקייט צו דער וועלט, זיין האַרץ האָט אים פאַרבלענדט די אויגן.

**צווייטער:**

עס קען דאָך ניט מעגלעך זיין, אַז די אַלע אונזערע כאַווירים דאָ,

און אין די אַנדערע לענדער זיינען אומגערעכט. פאַרגעסט ניט
אַן די גרויסע פירערס אונזערע פון דער באַוועגונג. די גרויסע
טעאָרעטיקער.
עס מוז דאָך עפּעס זיין, וואָס די מערסטע פון זיי שטייען הינטער
זייערע רעגירונגען.

**דריטער:**
קיין צווייפל ניט, ער איז אַוועק צו ווייט.

**ערשטער:**
נאָך אַלעמען איז דאָך וויליאַמס ניט אַבי־ווער. איך גלייב דער מענטש
איז אופריכטיק.
אַ מענטש מיט קאָפּ, אַן אוניווערזיטעט פּראָפעסאָר. אַ היסטאָריקער,
פּראָפעסאָר
פון אויסגעצייכנטע געשיכטע־ביכער. זיין „וועג צו פרייהייט" איז
ווירקלעך אַ מייסטערווערק.
אַ מענטש אַן אידעאַלן קען אַזוי ניט שרייבן. ער איז אַ דעמאָקראַט
אין פולן זין פון וואָרט.
אַ מענטש אַזאַ, וועט דאָך ניט נעמען איבער נאַכט און בייטן זיינע
מיינונגען,
אָן אַ פאַרוואָס. מיסטאָם האָט ער עס דורכגעטראַכט פון אַלע זייטן,
און האָט קיין אַנדער אויסוועג ניט געפונען.

**צווייטער:**
מיר דאַכט קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ.

**דריטער:**
עמעס, בלוט־פאַרגיסונג איז אַ שוידערלעכע זאַך.
ס'איז אָבער, לויט מיין מיינונג, זייער אַ נויטיקע מילכאָמע.

**ערשטער:**
כ'מיין אויך אַזוי. די וועלט דאַרף צוערשט פּאָטער ווערן פון די
איבערגעבליבענע מאָנאַרכן.
ערשט דאַן, ווען ס'וועלן זיין נאָר רעפּובליקן, וועט מען זיך קענען
נעמען
צו דער אַרבעט פון פאַרברידערן די וועלט.

**צווייטער:**

מען קען דאָך מיט איין שפּרונג ניט גרייכן דעם מילעניום.

**דריטער:**

מען דאַרף גיין שריט נאָך שריט.

**צווייטער:**

מען קען ניט שלינגען קיין געשיכטע. ס'איז ניט קיין הייסע לאָקשן.

**ערשטער:**

פאַראַן איין מיטל, און דאָס איז אופקלערונג.

**צווייטער:**

אַן אופשטאַנד איצטער וואָלט געהייסן — כאַאָס.

**דריטער:**

ער האָט אויך רוסלאַנדס נייע ראָל דערמאָנט.

**ערשטער:**

ער האָט באַגריסט די באָלשעוויקעס.

**דריטער:**

און זייער סעפּאַראַטן פרידן.

**צווייטער:**

דער גרעסטער אומזין, סעפּאַראַטער פרידן איצט.
דאָס מיינט שטעלן אין געפאַר די דעמאָקראַטיע פון דער וועלט.

**ערשטער:**

איצט זע איך ווי גערעכט וויליאַמס איז. ניט אַנדערש
ער האָט געזען מיט אַ היסטאָריש אויג וואָס ס'וועט געשען.

**דריטער:**

ער פאַרדינט אונזער פולשטענדיקע שטיצע.

**ערשטער:**

איך קען זיך ניט פאָרשטעלן ער זאָל אַף אַזוי וויט
ניט זיין באַקאַנט מיט פּאָליטיק. ער וויים דאָך זייער פּראָגראַם.
שליסן פרידן איצט מיינט קאַפּיטולירן פאַר דער אָטאָקראַטיע,
און פון איר דיקטירט צו ווערן. אַ שיינער טאַבלעס ! זיי וועלן נאָך
די מאָנאַרכיע צוריקברענגען מיט זייערע האַנדלונגען ! . . .

**צווייטער:**

פאַרוואָס האָט עס אים קיינער ניט געפּרואווט דערקלערן ?

**ערשטער:**

מען האָט געפּרואווט. ס'האָט ניט געהאָלפן.
ווי ער האָט נאָר דערהערט זיי גייען שליסן פרידן,
האָט ער זיי גלייך באַגריסט.

**דריטער:**

אָפילע ווען דאָס וועט רואינירן דאָס לאַנד ?

**ערשטער:**

ער האַלט אַז ס'איז דער אָנהייב פון סאָציאַלער רעוואָלוציע.

**צווייטער:**

דו קענסט קיין בעסערן וויץ ניט אויסטראַכטן ?

**ערשטער:**

ס'איז ניט קיין וויץ בא אים. ער גלויבט אין דעם.

**צווייטער:**

דאָס איז קעגן יעדער לאָגיק. ווי קען אַ פאָלק,
וואָס איז נאָך קימאַט באַרבאַריש, דער פירער זיין
אין אַזאַ גרויסער זאַך ?

**דריטער:**

ער גלויבט אין ניסים ! ...

**ערשטער:**

ס'איז דאַכט זיך ניט מיט אַלעמען מיט אונזער אַלטן ...

**פערטער:**

(איז די גאַנצע צייט געזעסן און געשוויגן)
איך מיין, איר זייט אומגערעכט ! ...

**ערשטער:**

(קוקט זיך אַרום) וואָס הייסט ?

**צווייטער:**

(שפּרינגט אויף) וואָס מיינסטו ?

**דריטער:**

שטימסט איין מיט אים ?

**פערטער:**

טיילווייז, יאָ.

**ערשטער:**

וואָס מיינסטו, טיילווייז ?

**פערטער:**

כ'שטים איין מיט זיינע רייד.
איך שטים אָבער ניט איין מיט זיין טאַט.

**צווייטער:**

איך פאַרשטיי ניט.

**פערטער:**

זייער פּאָשעט. אין אַלגעמיין האָט ער גערעדט ווי אַ רעוואָלוציאָנער.
ער איז אָבער באַגאַנגען איין פעלער.

**צווייטער:**

וואָס איז עס ?

**פערטער:**

ער האָט פאַרדאַמט אין אַלגעמיין מילכאָמע,
און האָט פאַרגעסן, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ מילכאָמע
וואָס איז הייליק. מען דאַרף די איצטיקע
פאַרוואַנדלען אין אַ קלאַסן־קריג. און דאָס
טוען די כאַוויירים דאָרטן.

**ערשטער:**

ביסט אויך פון די וואָס ווילן כאַפּן געשיכטע פאַרן עק ?
פאַרגעסט אַז ס'איז געשיכטע ניט קיין פערדל,
וואָס מען קען עס אונטעריאָגן מיט אַ בייטש.
דאָס לאַנד דאָס דאָרטיקע איז ערשט געוועזן אַ מאָנאַרכיע.
איצט מוז עס דורכגיין די סטאַדיע פון רעפּובליק,
און שפּעטער ערשט וועט קומען דער דריטער פּעריאָד.
מ'דאַרף ערשט דורך בילדונג צוגרייטן דאָס פאָלק.

**פערטער:**

פארגעסט ניט אז געשיכטע איז אויך ניט קיין קליאטשע
קיין געפיינערטע. געשיכטע איז רוי מאטעריאל, ווי ליים.
מען דארף עס נעמען און פארמירן.

**ערשטער:**

עס קען זיך רוי מאטעריאל פון זיך אליין ניט האלטן.
מען דארף עס מישן מיט א שטאף.

**פערטער:**

געווים! מיט קלאס!

**צווייטער:**

איז ווידער, הייסט עס, דיקטאטור!

**פערטער:**

פון קלאס, אף אפצושאפן קלאסן.

**דריטער:**

כ׳מוז צוגעבן, אזא מין לאגיק האב איך ביז היינט
נאך ניט געהערט. ביסט אדער א געניאלער מענטש,
אדער א מעשוגענער פון ערטשן ראנג.

**פערטער:**

ניט דאס ערשטע, און דאס צווייטע אויך ניט.
איך רעד בלויז דאס וואס עס שאפט איצט די געשיכטע.

**ערשטער:**

אף אזוי ווייט איז נאך דער אלטער קלאר.

**פערטער:**

איר האט א טאעס. איר האט, ווי איך זע, ניט פארשטאנען זיינע רייד.
ער האט גערעדט דאס זעלביקע וואס יענע טוען. נאר, ווי געזאגט,
זיין טאן געפעלט מיר ניט איינגאנצן. צו הייליק, צו יעזוסדיק.
געפליגלט.
ס׳איז איצט די ערשטע פראגע ברויט מיט פוטער.
פון הייליקייטן וועט מען טראכטן נאכדעם.

**ערשטער:**

דאס מיינט אינגאנצן אפווישן קולטור.

**צווייטער:**

פאַרניכטן אַלע ביז־איצטיקע דערגרייכונגען!

**פערטער:**

דאָס בעסטע האַלטן. דאָס איבעריקע פאַרניכטן,
און שאַפן פונדאַמענטן.

**דריטער:**

דאָס מיינט אַ נייער באַרבאַריזם.

**פערטער:**

אַ נייע וועלט עפּאָכע.

**ערשטער:**

און ווער וועט שפּילן די ראָל פון יעזוס?

**צווייטער:**

און ווער די ראָל פון יודאַס?

**פערטער:**

מיט וויצן וועט איר קיין געשיכטע ניט באַקעמפן.

**ערשטער:**

ס'קוקט אויס מיר גייען זיך פאַנאַנדער.

**פערטער:**

מיר וועלן זיך באַם סאָף פון וועג באַגעגענען.

**דריטער:**

כאַווײרים! גענוג! מיר דאַרפן אַ כאַוועך אונזערן פאַרטיידיקן.

**ערשטער:**

דער מישפּעט פאַנגט זיך אָן. מ'דאַרף צוגרייטן די עפנטלעכע מיינונג.

**צווייטער:**

זיי וועלן זיך זיכער רעכענען מיט זיינע יאָרן.

**דריטער:**

אַן אַלטער מאַן פון 64 יאָר.

**פערטער:**

אַ פיר־און־זעכציק־יאָריקער יונגערמאַנטשיק!

(פורהאַנג)

# בילד זעכצן

(יאָר 1918. אַ געריכט. ריכטער. פּראָקוראָר. באַשולדיקטער. פאַר־
טיידיקער. געשוואוירענע. איידעס. ספּעקטאַטאָרן).

**געריכט־באַאַמטער:**
(אַף אַ הויכן קאָל) אופשטיין! דאָס געריכט גייט!
(אַלע שטייען אוף). ..

**ריכטער:**
(קומט אַריין, גייט צו צו זיין שטול אַף דער פּלאַטפאָרמע. זעצט זיך.
אַלע זעצן זיך אַנידער). איך דערקלער דאָס געריכט אָפן.
דער פאַל וואָס ליגט היינט פאַר אונז איז פאָלגנדיקער:
די רעפּובליק קלאָגט אָן דעם בירגער, וויקטאָר דעבס,
פאַר איבערטרעטן דעם שפּיאָנאַזש־געזעץ. מיר ווייסן אַלע
דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן געזעץ. דאָס וואָרט האָט דער
פּראָקוראָר.

**פּראָקוראָר:**
אייער עקסעלענץ, און הערן געשוואוירענע! דאָס לאַנד איז איצט
אין קריג.
די רעגירונג אונזערע האָט דעם קריג דערקלערט אין נאָמען פון פאָלק.
דאָס מיינט, אז אַלע זיינען מיר אין קריג מיט יענעם לאַנד, דעם
סוינע אונזערן.
וואָס איז די פליכט פון יעטווידן פון אונז? פון יעדן גוטן
פּאַטריאָט און בירגער?
צו שטיין הינטער דער רעגירונג און העלפן קומען צו אַ זיג, ביפראַט
נאָך,
ווען דער קריג איז אַ גערעכטער. דער קריג וואָס די רעגירונג האָט
דערקלערט

איז געווען אומפאַרמיידלעך. שוין יאָרן לאַנג, אַז מיר זיינען פאַרבונדן
מיט אייראָפּע,
מיט פעדים אָן אַ שיר, און ווערן וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרבונדן.
אָן אַטאַקראַט, ווי אַמאָל נאַפּאָלעאָן, האָט פון זיין פאָלק געמאַכט
אַ פאָלק פון זעלנער, און אים האָט זיך פאַרגלוסט צו ווערן
הערשער פון אייראָפּע, און נאָכדעם אויך אַמעריקע. ער האָט
דער דעמאָקראַטיע פון אייראָפּע, קריג דערקלערט. די דעמאָקראַטיע
שטייט אין געפאַר פון אונטערגאַנג, ביפּראַט נאָך איצט,
ווען איינס פון די גרעסטע לענדער, וואָס איז געשטאַנען
אויף דער זייט פון די פאַרבינדעטע האָט אַוועקגעלייגט די ביקס,
און האָט געשלאָסן סעפּאַראַטן פרידן. דאָס מיינט דעם זיג
אויף אַ טעלערל אונטערטראָגן דעם סוינע. הערן געשוואוירענע,
און אייער עקסעלענץ! מיר זיינען אַ פריי און דעמאָקראַטיש לאַנד,
די פרייהייט פאַר וועלכער אונזערע פאָטערס האָבן באַצאָלט מיט זייער
בלוט,
זאָלן מיר דאָס איצטער לאָזן אונטערגיין? ווייל אונטערגיין וועט עס,
אויב עס זיגט דער אָטאָקראַט. צוערשט די דעמאָקראַטיע אין אייראָפּע,
און נאָכדעם אונזערע. ווי מיר זעען, דעריבער, איז אונזער אריינטריט
אין דער וועלט־מילכאָמע געווען אַ לעבנס־נויטווענדיקייט.
וואָס האָט געטאָן דער אָנגעקלאָגטער? אַנשטאָט צו שטעלן זיך
הינטער דער רעגירונג, הינטער אונזער פאָן, און העלפן איר אין איר
קאַמף,
איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן איר און שטערט. ער האָט באַנוצט
זיין עלאָקווענטע רעדעריי אויף אופצוהעצן דאָס פאָלק
אַרויסצוטרעטן קעגן דער רעגירונג, אַוועקצולייגן די ביקסן,
און ניט גיין אין קריג. וואָס מיינט דאָס, מיינע הערן?
דאָס מיינט דירעקטע הילף דעם סוינע! אין פּאָשעטע ווערטער
רופט מען עס „פאַרראַט"! דער אָנגעקלאָגטער
איז דער לעבעדיקער פּולס פון דער העסלעכער באַשעפעניש
וואָס הייסט „פאַרראַט"! לויט זיינע רייד זאָל ער געמישפּעט ווערן,
און לויט זיינע רייד זאָל ער פאַרמישפּעט ווערן! כ'וועל אופרופן
דעם ערשטן איידעס, מיסטער נאָרמאַן מילער!

**געריכט־באַאַמטער:**

(רופט אויס) נאָרמאַן מילער!

**מילער:**

(גייט אַרויף אָפּן איידעס־שטול)

**געריכט־באַאַמטער:**

(שווערט אים איין) דיין נאָמען?

**מילער:**

נאָרמאַן מילער!

**געריכט־באַאַמטער:**

ווי אַלט?

**מילער:**

דריי־און־דרייסיק.

**געריכט־באַאַמטער:**

באַשעפטיקונג?

**מילער:**

צייטונגס־רעפּאָרטער.

**פּראָקוראָר:**

דו קענסט דעם אָנגעקלאָגטן פּערזענלעך?

**מילער:**

ניין. איך האָב אַסאַך זיך אָנגעהערט וועגן אים.
איך בין געגאַנגען הערן זיין רעדע, און זי באַשרייבן
פאַר דער צייטונג. איך האָב אויך גענומען בא אים אַן אינטערוויו.

**פּראָקוראָר:**

און וואָס האָט ער געזאָגט?

**מילער:**

ער האָט געזאָגט, אַז די רעגירונג ווערט קאָנטראָלירט
פון אַ באַנדע קאַפּיטאַליסטישע פאַרברעכער, וואָס זיינען
די עמעסע סאָנים פונעם פאָלק. ער האָט אויך געזאָגט,
אַז די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן געשלאָסן סעפּאַראַטן פרידן
זיינען די אינספּיראַציע פון דער וועלט, און אַז ער האָפט,

אַז זייערע אידייעס וועלן מיט דער צייט אויך הערשן
אין אונזער רעפּובליק. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס פאָלק
וואָלט געדאַרפט אומקערן די ביקסן קעגן דעם אינוווייניקסטן סוינע!

**פּראָקוראָר:**

וואָס מיינט דאָס, מיינע הערן!
ס'איז קלאָר. אַ קינד קען עס פאַרשטיין. פאַרראַט! (צום איידעס)
אַ דאַנק, דער נעקסטער איידעס, גאָרדאָן שטיינער!

**געריכט־באַאַמטער:**

גאָרדאָן שטיינער!

**שטיינער:**

(קומט אַרויף אַפן איידעס־שטול)

**געריכט־באַאַמטער:**

(שווערט אים איין) דיין נאָמען?

**שטיינער:**

גאָרדאָן שטיינער.

**געריכט־באַאַמטער:**

ווי אַלט?

**שטיינער:**

איין־און־צוואַנציק.

**געריכט־באַאַמטער:**

באַשעפטיקונג?

**שטיינער:**

בוכהאַלטער.

**געריכט־באַאַמטער:**

קענסט סטענאָגראַפיע אויך?

**שטיינער:**

אַביסל. צוועלף יאָר שוין אָבער
אַז כ'האָב קימאַט ניט פּראַקטיצירט.

**פּראָקוראָר:**

וואָס ווייסטו וועגן דעם אָנגעקלאָגטן?

**שטיינער:**

די יוסטיץ־אָפּטיילונג האָט מיך באַוואויגן
צו גיין אים הערן רעדן, און נעמען אַ סטענאָגראַפּישן באַריכט.
צוליב דעם אָבער, וואָס איך געדענק ניט אַזוי פּליסיק סטענאָגראַפּיע
האָב איך אים נאָכפּאָלגן ניט געקענט, און געמוזט איבערהיפּן
שטיקער גאַנצע.

**פּראָקוראָר:**

לייען וואָס דו האָסט.

**שטיינער:**

(לייענט) „די רעגירונג ווערט קאָנטראָלירט
פון אַ באַנדע קאַפּיטאַליסטישע שאַרלאַטאַנעס...
דאָס פּאָלק דאַרף אופשטיין קעגן דער רעגירונג!...
עס דאַרף די ביקסן אָנווענדן אַף דעם אינעוויייניקסטן סוינע...
מען דאַרף זיך אָפּזאָגן פון גיין אין דער אַרמיי. די באָלשעוויקעס
זיינען די אינספּיראַציע פון דער וועלט... מיר דאַרפן
נאָכפּאָלגן זייער ביישפּיל..."

**פּראָקוראָר:**

הערן געשוואוירענע! איר הערט? צוויי איידעס, דיזעלביקע רייד.
פּאַראַט פון העכסטן סאָרט! (צו שטיינערן) אַ דאַנק!

**אָנגעקלאָגטער:**

(גייט צו צו שטיינערן) ניט שרעק זיך אינגל.
האָסט ניט באַגאַנגען קעגן מיר קיין זינד.
האָסט געזאָגט דעם עמעס. האָסט איבערגעגעבן
ריכטיק מיינע רייד. זאָלסט וויסן זיין,
קיין שלעכטס האָסטו מיר ניט געטאָן, און איך
האָב גאָרנישט קעגן דיר. באַרואיק זיך, הער אוף צו ציטערן.

**פּראָקוראָר:**

איך בין פּאַרטיק!

**ריכטער:**

דאָס וואָרט האָט די פּאַרטיידיקונג.

**אַדוואָקאַט:**

אייער עקסעלענץ, און הערן געשוואוירענע! מיר האָבן היינט
פאַר זיך אַ פאַל, וואָס רירט אָן די קאָנסטיטוציע פון לאַנד.
עס ווערט געמישפּעט היינט אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט דעם מוט
אַרויסצוזאָגן עפנטלעך זיינע געדאַנקען. אַזאַ זאַך
איז יעדן בירגער פונעם לאַנד דערלויבט צו טאָן,
לויט ווי עס לייענט זיך פּונקט איינס פון אונזער קאָנסטיטוציע.
פּונקט איינס באַשטעטיקט, אַז יעדער בירגער קען זאָגן פריי
און אָפן וואָס ער וויל, דורך רייד אָדער דורך שריפט,
אויב עס ווערט נאָר געטאָן אויף אַ פרידלעכן אופן.
וואָס האָט דער אָנגעקלאָגטער אַזוינס געטאָן? באַנוצנדיק זיך
מיט דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעכט, האָט ער אַרויסגעזאָגט זיין
מיינונג.
מיינע הערן! איר וואָלט ניט פאַראורטיילט פּרעזידענט וויליאַמס
דערפאַר וואָס ער האָט אין זיין בוך „די נייע פרייהייט" געשריבן
אַז, „מילכאָמעס מאַכן די יעניקע וואָס רעגירן, אָבער קיינמאָל ניט
דאָס פאָלק!..."
(אַפּלאָז צווישן עולעם)

**ריכטער:**

(קלאַפּט מיטן האַמער) אָרדענונג! איך וועל באַשטראָפן
דעם וואָס וועט נאָכאַמאָל אַפּלאָדירן! (צום אַדוואָקאַט) זעצט פאָר!

**אַדוואָקאַט:**

מיינע הערן! איר דאַרפט מישפּעטן דעם אָנגעקלאָגטן לויט זיין לעבן,
זיין אַרבעט, און זיין טעטיקייט אַלס מענטש. אויב איר וועט
אַזוי אים מישפּעטן, וועלן מיר אָננעמען אייער גערעכטן אורטייל.
די ווייטערדיקע פאַרטיידיקונג וועט פירן דער אָנגעקלאָגטער אַליין.

**אָנגעקלאָגטער:**

(גייט אַרויף אַפן איידעס־שטול)

**געריכט־באַאַמטער:**

(שווערט אים איין) דיין נאָמען?

**אַנגעקלאָגטער:**

וויקטאָר דעבס.

**געריכט־באַאַמטער:**

ווי אַלט?

**אַנגעקלאָגטער:**

פיר־און־זעכציק.

**געריכט־באַאַמטער:**

באַשעפטיקונג?

**אַנגעקלאָגטער:**

אַרבעטער און מענטש.

**געריכט־באַאַמטער:**

(זעצט זיך אַנידער)

**דעבס:**

אייער עקסעלענץ! און הערן געשוואוירענע! צום ערשטן מאָל אין לעבן
טרעט איך אויף צו ענטפערן אויף דער באַשולדיקונג פון פאַרברעכן.
איך בין ניט קיין יוריסט, און ווייניק באַקאַנט אין פראַגן פון געזעץ.
איך וויים נאָר, אַז איר, מיינע הערן, דאַרפט אויסהערן די באַווייזן קעגן מיר.
זיין עקסעלענץ, דער ריכטער, דאַרף אייך אָנווייזן דאָס געזעץ,
און איר וועט דאַרפן באַשטימען צי בין איך שולדיק אָדער ניט.
מיינע הערן! איך שרעק מיך ניט צו קוקן אייך אין פּאָנים
אין אָט דער שטונדע פון באַשולדיקונג, און איך שרעק מיך אויך ניט
פאַר דעם אורטייל אייערן. איך קען קוקן אייך און אַלעמען, דער גאַנצער וועלט,
אין פּאָנים, ווייל מיין געוויסן, מיין נעשאָמע, איז ריין פון יעטווידן פאַרברעכן.
דערלויבט מיר צום ערשטן צו דערקלערן, אַז איך בין צופרידן
מיט דעם אויפן, ווי אַזוי דער מישפּעט ווערט געפירט.
עס טוט דער פּראָקוראָר זיין פליכט מיט פלייס און אופריכטיקייט.

אלץ וואָס עס האָבן פאַרגעבראַכט קעגן מיר די ביידע איידעס, איז עמעס.
און אין עמעס וואָלט איך קיינמאָל ניט געלייקנט,
ווען איר וואָלט מיך פאַר דעם באַפרייט אַפילע.
מען באַשולדיקט מיך אין אויפהעצן דאָס פאָלק,
אין רופן צו אַן אופשטאַנד, אין הייסן אַפּזאָגן זיך
פון דער אַרמיי; אַז איך האָב פאַרלוימדעט די רעגירונג,
באַליידיקט די פאָן און די מיליטערישע אוניפאָרם...

**ריכטער:**

מיסטער דעבס, דערלויבט מיר צו זאָגן אַז דער לעצטער פּונקט איז פון געריכט צוריקגעצויגן געוואָרן.

**דעבס:**

אַנטשולדיקט מיר. איך האָב עס ניט געוואוסט.
מען באַשולדיקט מיך אין אַרבעטן אין די אינטערעסן פון דעם לאַנד, מיט וועלכן אונזער רעפּובליק איז איצט אין קריג.
מיינע הערן! איר האָט געהערט דעם באַריכט פון מיינע רייד.
איך גיב צו אַז יעדעס וואָרט איז ריכטיק. איך האָב געוואָלט בלויז אופקלערן דאָס פאָלק וועגן אונזער סאָציאַלן לעבן,
און צוגרייטן עס צו בייטן די סיסטעם. לויט די רייד פון פּראָקוראָר קענט איר מיינען, אַז איך בין אַן אָנהענגער פון גוואַלט.
איך האָב אָבער שטענדיק געגלויבט אין אויפקלערן, באַלייכטן.
איך האָב שטענדיק אַפּעלירט צום מענטשלעכן סייכל און געוויסן.
איך גיב צו, אַז איך בין אַ קעגנער פון דער איצטיקער פאָרם פון רעגירונג, פון אונזער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם. איך טו אַלץ וואָס נאָר איך קען, צו ברענגען צו אַן ענדערונג, און דורך דעם די עמעסע פרייהייט צו דערגרייכן. איך האָב אין מיין רעדע דערמאָנט די יעניקע וואָס האָבן ניט געלאָזט זיך נעמען אין דער אַרמיי.
איך זאָג: אויב זיי זיינען פאַרברעכער, בין איך עס אויך!
איך האָב ניט קיין כאַראַקטע אָף קיין איינציק וואָרט! איך האָב געזאָגט דעם עמעס,
און בין גרייט אָף אַלץ! מען באַשולדיקט מיך אין סימפּאַטיע מיט די באָלשעוויקעס,

איך גיב עס צו! מען האָט וועגן זיי געשריבן ליגנס אָן אַ שיר!
ווער זיינען זיי, די העלדישע רעוואָלוציאָנערן? זיי זיינען
די יעניקע וואָס האָבן זיך יאָרן לאַנג מאַקריוו געווען פאַר פרייהייט.
די שטונדע האָט געשלאָגן! זיי האָבן געמאַכט אַן אָנהויב
אַף דעם וועג פון מענטש...

**פראָקוראָר:**

(צום ריכטער) אייער עקסעלענץ! די לעצטע ווערטער פון דעם
אָנגעקלאָגטן
האָבן גאָר קיין שייכעס ניט מיט זיין באַשולדיקונג!...

**ריכטער:**

איך דערלויב דעם באַשולדיקטן פאָרצוזעצן!

**דעבס:**

(צום ריכטער) אַ דאַנק! ס׳קען זיין די באָלשעוויקעס וועלן דורכפאַלן.
זיי האָבן אָבער אַריינגעשריבן אַ ליכטיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע.
די פירער זייערע ווערן איצט אָנגערופן פאַרברעכער, קרימינאַלניקעס.
מיינע פריינט! לאָמיר אייך דערמאָנען, אַז עס איז געווען אַ צייט
ווען מען האָט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן באַצייכנט אַלס אַזעלכן!
סעמועל אַדאַמס, דער פאָטער פון דער רעוואָלוציע, איז פאַרדאַמט
געוואָרן
אַלס אופהעצער! פאַטריק הענרי, דעם מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט
פרייהייט מער פון אַלץ, האָט מען פאַררעטער אָנגערופן! און איצט
פאַרהייליקט מען זיי. ווען גרויסע ענדערונגען קומען פאָר אין דער
געשיכטע,
איז דער גערעכטער צאַד, צו יעדער צייט, די מינאָריטעט. די גרויסע
מאַיאָריטעט איז אומגערעכט! געווען מענטשן אין יעדן דאָר,
וואָס זיינען פאָרויסגעגאַנגען פונעם דאָר. מען האָט זיי פאַרפאָלגט,
געמישפּעט, און זיי געפירט צום טויט. מיט יאָרן שפּעטער
האָט מען געשטעלט זיי מאָנומענטן. מיט בלומען באַשאָטן די קוואָרים
זייערע.
מען באַשולדיקט מיך אין שטערן דער מילכאָמע. איך גיב צו, מיינע
הערן!

ווען איך שטעל זיך פאר דאס בילד, ווי אזוי א בליסטשענדיק
שטיק שטאל שטעכט דורך דעם ווארימען קערפער פון א מענטשן,
קארטשע איך זיך איין פון שוידער! מען רעדט פון הייליקע
מילכאמעס!
גיטא אזוינס! ס'האט בענדזשאמין פרענקלין אמאל געזאגט:
„גיטא אזא זאך ווי א גוטער קריג און א שלעכטער פרידן!"
אין זיינע לעצטע טעג האט נאפאלעאן געזאגט: „קריג
איז די באשעפטיקונג פון ווילדע און בארבארן!"
מיט צוואנציק יארהונדערט צוריק איז אופגעשטאנען א מענטש,
וואס האט ליב געהאט פרידן. ער האט געהייסן ליב האבן
איינער דעם אנדערן. ער האט גערעדט אין נאמען פון
די אונטערדריקטע. די פארוואלטער פונעם גאלד, די פריסטער,
ריכטער און אנדערע פארדעכטיקטע פארשוינען, האבן אים
געמישפעט פאר פארראט און אים פארמישפעט. זיין גורל
איז אייך אלעמען באקאנט. דאס זעלביקע האט מען געטאן סאקראטן!
מיט אנדערהאלבן הונדערט יאר צוריק, ווען אונזערע פאטערס
האבן זיך געוואלט באפרייען פון דער קרוין, האט מען זיי געשטעמפלט
אלס פאררעטער — וואשינגטאן, אדאמס, טאמאס פעין.
מיט יארן שפעטער, ווען שווארצע שקלאפעריי האט זיך פארשפרייט
זיינען ווידער אופגעשטאנען מענטשן קעגן דעם. מען האט
זיי אויך געשטעמפלט אלס פאררעטער. ביז ס'איז געקומען
א שטארקער מענטש, וואס האט געהאט די מאכט,
און האט מיט שווערד אין האנט דאס אפגעשאפט.
דער גאנצער קאבינעט זיינער איז קעגן אים געווען.
איצט איז זיין נאמען גרויס. געשיכטע קען מען פון איר גאנג
ניט אפהאלטן. מען קען זי בלויז אף א געוויסער צייט פארהאלטן.
מיינע פריינט, איך גלויב אין דער פארברידערונג פון מענטשן
פון דער גארער וועלט, ניט ווי עס רעדן וועגן דעם די פריסטער,
נאר אף אן עמעס! און איך בין גרייט צו ארבעטן פאר דעם!
מיינע פריינט! איך בין קעגן קריג! און אויב דאס איז א פארברעכן
פאר וועלכן עס קומט טפיסע, בין איך גרייט! וואלט איך
געגלויבט אין קריג, וואלט איך מיט ביקס געשטאנען איצט

אין די טראַנשייען, און ניט געזעסן דאָ און אָנגעפירט פּראָצעסן!
אין 1846 איז לינקאָלן ארויסגעטראָטן קעגן דעם מעקסיקאַנישן קריג!

**פּראָקוראָר:**
ער וואָלט זיכער ארעסטירט געוואָרן, ווען ס׳וואָלט געווען דאַן
אַ שפּיאָנאַזש געזעץ!...

**דעבס:**
דאָס באַווייזט אַז דאַן איז מען נאָך פאַרט געווען ליטישער באַ אונז.
מיינע הערן, איך גלויב אין יעדן פּונקט פון אונזער קאָנסטיטוציע!
איך האָב מיט מיינע רייד די קאָנסטיטוציע ניט פאַרשוועכט, נאָר זי
באַשטעטיקט!
ווי איך האָב פריער געזאָגט, איך בין ניט קיין יוריסט.
איך ווייס אָבער גענוג געזעץ צו וויסן, אַז ווען עס ווערט דורכגעפירט
אַ נייער פּונקט, וואָס איז ניט אין איינקלאַנג מיט דעם גייסט פון
דער קאָנסטיטוציע,
איז דער פּונקט קיין פּונקט ניט, און ער עקזיסטירט פאַר מיר ניט.
מיינע פריינט, איך כאָטש איבער נאָכאַמאָל, איך בין קעגן קריג,
פאַרוואָס עס זאָל ניט זיין! כ׳בין קעגן בלוט־פאַרגיסונג!
אין מיינע אויערן קלינגען אָפּ די טויט־געשרייען פון די שלאַכטפעלדער
פון אייראָפּע!... איך זע פעלדער פאַרזייט מיט הענט, מיט פיס,
מיט גלידער מענטשלעכע... איך זע די מוטערס וועמעס זין
זיינען אַף די שלאַכטפעלדער... און איך זאָג צו זיך
וואָס לינקאָלן האָט געזאָגט וועגן שקלאַפעריי: „איך וועל טאָן
אַלצדינג וואָס איך קען, דאָס אָפּצואווישן פון דער ערד!...״
מיינע פריינט, איך בין דער קלענצטער טייל פון היינטיקן פּראָצעס.
איך בין דאָ ניט וויכטיק. ניט איך ווער דאָ געמישפּעט.
דאָ ווערט געמישפּעט די פרייהייט, די דעמאָקראַטיע פון אונזער
גרויסער רעפּובליק, די קאָנסטיטוציע!... דער גוירל
ליגט אין אייערע הענט!... אַ דאַנק פאַרן אויסהערן מיך!

**געריכטס־באַאַמטער:**
(צו אַ צייטונגס־מענטש) מען מוז צוגעבן,
ער ווייס וואָס ער רעדט, דער אַלטער!...

**ריכטער:**

ווייל דער פּראָקוראָר נאָך עפּעס זאָגן ?

**פּראָקוראָר:**

עטלעכע ווערטער בלויז. אייער עקסעלענץ און הערן געשוואוירענע !
איך אָנערקען די אופריכטיקייט פון דעם אָנגעקלאָגטן צו זיינע
איבערצייגונגען.
נאָר זיינע איבערצייגונגען זיינען פאַלש ! ער איז פאַרפירט !
פאַרבלענדט !
מיט זיינע רייד האָט ער שאָדן געבראַכט דעם גאַנצן לאַנד !
די ווערטער זיינע האָבן צוגעגעבן מוט דעם סוינע ! ער ווייסט עס
עפשער ניט !
דאָס איז אָבער אַ פאַקט ! און מיט דעם דאָזיקן פאַקט מוז מען זיך
רעכענען !
זאָל דאָס געזעץ אַרופפירן אים אַפן ריכטיקן וועג ! אים עפענען די
אויגן !

**דעבס:**

(מיט אַ שמייכל צום פּראָקוראָר דערלאַנגענדיק אים די האַנט)
איך גלויב אויך אין דיין אופריכטיקייט. דו האָסט געטאָן דיין פליכט
מיט ערנסט און מיט פלייס.

**ריכטער:**

(צו די געשוואוירענע) איר האָט געהערטביידע צדאָדים.
איר זייט באַקאַנט מיט פּונקט איינס פון אונזער קאָנסטיטוציע.
ס׳איז אייך אויך באַקאַנט דער שפּיאָנאַזש געזעץ.
דער אורטייל ליגט אין אייערע הענט.
ברענגט אַרויס אייער גערעכטן אורטייל ! . . .
(פוירהאַנג פאַלט צו באַצייכענען דאָס פאַרגיין פון צייט. הייבט זיך
ווידער אויף)

**ריכטער:**

האָט איר זיך געאייניקט אַף אַן אורטייל ?

**פאָרזיצער:**

יאָ, אייער עקסעלענץ ! . . .

**ריכטער:**

וואָס איז עס ?

**פּאַרזיצער:**

שולדיק ! . . .

**פּראָקוראָר:**

זאָל אייער עקסעלענץ אַרויסגעבן דעם אורטייל !

**ריכטער:**

האָט דער פאַראורטיילטער נאָך עפּעס צו זאָגן ?

**דעבס:**

אייער עקסעלענץ ! מיט יאָרן צוריק האָב איך דערקענט
מיין פאַרוואַנדשאַפט מיט אַלע לעבעדיקע זאַכן אױף דער ערד,
און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך בין אױף קיין האָר
ניט בעסער פון דעם קלענצטן. איך האָב עס דאַן געזאָגט,
און זאָג עס איצט, אַז קוים איז דאָ אַ נידעריקער קלאַס,
באַלאַנג איך דאַרט ! . . . אויב ס'איז דאָ אַן עלעמענט פאַרברעכער
בין איך צווישן זיי ! . . . אַז קוים איז דאָ איין מענטש
אַהינטער גראַטעס, בין איך ניט פריי ! . . . אויב דאָס געזעץ
וואָס האָט מיך געפונען שולדיק, איז אַ גוטס,
איז ניטאָ קיין אורזאַך וואָרים מען זאָל מיך ניט פאַראורטיילן ! . . .
איך האָב געזאָגט פאַרן געריכט, אַז איך בין קעגן
דער איצטיקער פאָרם פון רעגירונג, קעגן דער סיסטעם
פון אונזער איצטיקער געזעלשאַפט ! איך גלויב
עס דאַרף געענדערט ווערן ! איך גלויב אַז די וועלט
באַלאַנגט צו אַלע מענטשן, און ניט צו איינצלנע !
עס זיינען דאָ אַסאַך מיט מיר וואָס גלויבן
און סאָף קאָל סאָף וועלן מיר די זיגער זיין ! . . .
אייער עקסעלענץ ! איר דאַפט האַנדלען מיט מיר
אין פולן בוכשטאַב פון געזעץ פון אייערן !
אויב פאַר דעם אין וואָס איך גלויב, קומט שטראָף,
בין איך גרייט די שטראָף צו נעמען ! . . . אויב פאַרן גלויבן
אין רעכט פון מענטש קומט טפיסע — בין איך גרייט ! . . .

איך דאַנק אייך און אַלע אַנדערע, וואָס זיינען געווען
פאַרבונדן מיט דעם מישפּעט, פאַר דער פריינטלעכקייט
וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן.

**ריכטער:**

עס געפעלט מיר דיין אופריכטיקייט און דיין קוראַזש.
דאָס אָבער וואָס דו האָסט גערעדט צו די געשוואוירענע,
איז פּאָשעטע אַנאַרכיע! וויקטאָר דעבס, איך פאַראורטייל דיך
צו צען יאָר טפיסע!...

(פורהאַנג)

# בילד זיבעצן

(אַ צעל אין טפּיסע)

**ערשטער אַרעסטאַנט:**

אַ נייער גאַסט קומט אָן. ס'וועט ווערן פריילעכער אַביסל.
שוין צוגעגעסן זיך די אַלטע פּענימער.

**צווייטער:**

איך בין שוין נייגעריק צו זען דעם נייעם פויגל.

**דריטער:**

טשיקאַווע צו וויסן פאַרוואָס ער האָט זיך אַריינגעפּאַקט.

**פערטער:**

מיסטאָם געמאַכט פיף־פאַף, און אימיצן אַוועקגעשיקט אַף יענער וועלט.

**צווייטער:**

אָדער פינגער קלעפיקע געהאַט.

**ערשטער:**

צו וואָס דאָס טרעפעניש! מ'וועט וואַרטן וועט מען זען.
ס'איז וויכטיק דאָס וואָס ס'קומט אַ נייער גאַסט, אַ פרישער.
ערשט פון דאָרטן, און וועט ניים אַסאַך אונז האָבן צו דערציילן,
אָך, ווי מיר ווילט זיך הערן ניים פון יענער זייט!

**דריטער:**

בעסער אַז מען הערט ניט. אַז ס'קומט אַ מענטש אַ נייער
און הייבט אָן צו דערציילן, איז כאַפּט אַרום דיך אַזאַ בענקעניש נאָך לופט,
אַז כאָטש נעם און רייס די גראַטעס מיט די ציין.
שוין בעסער אַז מען הערט ניט, פאַרגעסט מען אַז ס'איז דאָ אַן אַנדער וועלט.

**פערטער:**

מען זאָגט אַז דאָרטן איז איצטער אויך ניט פריילעך.

**צווייטער:**

וואָס מיינסטו ?

**פערטער:**

דאָס לאַנד, זאָגט מען, איז איצטער אין מילכאָמע.
מ׳נעמט יעדן מאַן פון אַכצן ביז פינף־און־פערציק.
מען לערנט אויס צו האַלטן אַ ביקס אין האַנט,
און היידאַ אַפן שלאַכטפעלד.

**צווייטער:**

שוין בעסער דאָ. מ׳איז כאָטש זיכער מיטן לעבן.

**דריטער:**

און ווי אַז איינער וויל ניט גיין ?

**צווייטער:**

ניטאָ אַזאַ זאַך ! מען מוז !

**דריטער:**

איך פאַרשטיי ניט, מען צווינגט צו מאָרדן ?

**צווייטער:**

מען צווינגט !

**דריטער:**

פאַרוואָס־זשע האָט מען מיך אַהער פאַרפאַקט אַף צוואַנציק יאָר ?
איך האָב דאָך עס געטאָן אָן קיינעמס צוואַנג. מיטן אייגענעם ווילן.

**צווייטער:**

ביסט אַ יאָלד !

**דריטער:**

און דו, אַ גרויסער כאָכעם ! דו פאַרשטייסט עס בעסער ?

**צווייטער:**

געוויס !

**דריטער:**

טאָ דערקלער ! כ׳וויל אויך פאַרשטיין !

**צווייטער:**

אַז דו רעדסט ווי אַ מענטש, טאָ הער . . . נאַר, גיי,

דו וועסט עס נישט פֿאַרשטיין . . .

**דריטער:**

הער אויף די שטיק צו פּראָווען ! כ׳דערלאַנג אין מאָרדע !

**צווייטער:**

נו זאָל מיינס איבערגיין. פֿאַרשטייסט, מיטן אייגענעם ווילן
מאָרדן טאָר מען ניט. דאָס הייסט איבערטרעטן דאָס געזעץ.
אַף צו קענען מאָרדן דאַרף מען האָבן אַ דערלויבעניש פֿון דער
רעגירונג.

**דריטער:**

איך פֿאַרשטיי קיין איינציק וואָרט ניט !

**צווייטער:**

האָב איך דאָך דיר געזאָגט וועסט ניט פֿאַרשטיין !
האָסט אַ פֿאַרשטאָפּטן קאָפּ !

**דריטער:**

איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, כ׳דערלאַנג אין מאָרדע ! דו הערסט ? !
וועסט רעדן אַזוי לאַנג, ביז כ׳וועל פֿאַרשטיין.
וואָס הייסט עס ? די רעגירונג מעג ברעכן אַ געזעץ ?

**צווייטער:**

נו, גוט, זאָל זיין ווי דו זאָגסט. פֿאַרשטייסט,
די וואָס מאַכן דאָס געזעץ, די מעגן עס ברעכן.

**דריטער:**

ניט אומזיסט האָב איך קליינערהייט געוואָלט זיין אַ ריכטער,
ווען איך וועל אויפוואַקסן !

**צווייטער:**

אַ שאָד ביסט ניט געוואָרן ! דיין קאָפּ איז טעמפּ גענוג !

**דריטער:**

הער אויף צו וויצלען זיך ! דערקלער !

**ערשטער:**

(זינגט אַ טרויעריקן ניגון)

**דריטער:**

הער אויף צו זינגען ! לאָז הערן אַ וואָרט !

וואָס האָסטו זיך דאָרט צעטרעלט ווי אַ קאַנאַריק ? !
(עס דערהערן זיך טריט אין קאָרידאָר)

**ערשטער:**

ער גייט !

**צווייטער:**

מען פירט אים !

**דריטער:**

(קוקט אַרויס דורך די גראַטעס) אַן אַלטער מאַן !

**ערשטער:**

לאָז זען ! (קוקט אַרויס) ער גייט מיט אַזעלכע שטאָלצע טריט,
ווי אַ באַראָן.

(עס עפנט זיך די אייזערנע טיר. וועכטער פירט אַריין דעבסן. פירט אים צו צו אַ בעטל).

**וועכטער:**

דאָס איז דיין פּלאַץ !

**דעבס:**

אַ דאַנק !

**פערטער:**

(שטילערהייט צום דריטן) ער באַדאַנקט אים נאָך, דער יאָלד !

**דעבס:**

(קוקט זיך אַרום) ניט קיין גרויס צימער.

**צווייטער:**

זיי האָבן מוירע אונז צו געבן צו־גרויסע צימערן.
ס'וואָלט זיין צו גוט. מיר וועלן זיך צוגעוואוינען צו גוטע זאַכן.
און נאָכדעם, ווען די צייט וועט קומען אַרויסצוגיין, קענען מיר ניט וועלן.

**דריטער:**

מיר האָבן אַ געזעץ, אַז ווען עס קומט אַריין אַ נייער,
זאָגט ער גלייך זיין נאָמען, דאָס הייסט, ער שטעלט זיך פאָר.
כאָטש שפּעטער גיבן מיר אים אַן אַנדער נאָמען.

**דעבס:**

אנטשולדיקט! איך האָב נאָך קיין דערפאַרונג ניט געהאַט.
וויקטאָר, הייס איך!

**צווייטער:**

צו שפּעט אָנגעהויבן די קאַריערע, וויקטאָר!
עס האָט זיך ניט געלוינט!

**פערטער:**

מען מעג וויסן פאַרוואָס?

**דעבס:**

פאַר פּראָטעסטירן קעגן מאָרד!

**דריטער:**

וואָ־אָ־ס?!

**צווייטער:**

הער אויף מיט דיינע וואָסן!

**דריטער:**

איך וואָרן דיך, כ'דערלאָנג אין מאָרדע!
כ'פאַרשטיי ניט, פרעג איך!

**דעבס:**

געוויס, געוויס, אַזוי דאַרף זיין!
איך וועל עס דיר דערקלערן.

**דריטער:**

אַזוי־אָ, האָב איך ליב, אַז מען רעדט צו מיר.

**דעבס:**

ס'קומט פאַר איצט אַ מילכאָמע אויף דער וועלט.
אונזער רעגירונג האָט באַשלאָסן אָנטיילצונעמען.

**דריטער:**

איז וואָס האָט עס מיט דיר צו טאָן?

**דעבס:**

איך האָב פּראָטעסטירט קעגן מילכאָמע.

**דריטער:**

ס'הייסט דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין?

**דעבס:**

ניט דאָס. איך בין צו אַלט. איך האָב געהייסן אַנדערע ניט גיין!

**דריטער:**

ס'הייסט דו האָסט ווידערשפּעניקט אין דער רעגירונג?

**דעבס:**

יאָ, דאָס הייסט עס!

**דריטער:**

נו, קומט דיר דאָך טאַקע אַריינצוזעצן!

**צווייטער:**

יאָלד, הער אוף צו דרייען מיט דער צונג!

**דריטער:**

כ'וועל דיר אין מאָרדע מוזן פּאָרט דערלאַנגען!

**דעבס:**

וואָס קריגט איר זיך? וואָס קענט איר זיך ניט צעטיילן?
זעצט זיך. לאָמיר זיך באַקענען. לאָמיר שמועסן ווי מענטשן.

**צווייטער:**

איך האָב באַגאַנוועט אַ באַנק! מ'האָט מיך דערפאַר
פאַראורטיילט צו פופצן יאָר.

**דריטער:**

איך האָב שיקערערהייט אַ זעץ געטאָן אַ כאַוועך,
און אים דערהאַרגעט מיט איין קלאַפּ!

**פערטער:**

איך האָב דערשטאָכן אַ מענטשן.

**ערשטער:**

איך האָב מיין מיידל פון אייפערזוכט דערשאָסן.

**דעבס:**

מיר באַגייען אַלע פעלערן אין לעבן . . .

**צווייטער:**

אַף ווי לאַנג האָט מען דיך אַריינגעזעצט?

**דעבס:**

אף צען יאָר.

**פערטער:**

(שטילערהייט צום דריטן) ער׳ט אָפּנאַרן דאָס גענעץ!

**דעבס:**

(צום פערטן) האָסט אַ טאָעס! איך איך בין ניט אַלט אַזוי פיל ווי דו מיינסט.

איך בין ערשט אַ יונגערמאַן פון פיר־און־זעכציק.

**צווייטער:**

ס׳געפעלט מיר דיין מונטערקייט!

**דעבס:**

פאַרוואָס איך בין דאָ, איז אַ פרייד צו זיין אין טפיסע.

**דריטער:**

אַ פרייד צו זיין אין טפיסע?

**דעבס:**

אַ פרייד, אַ גרויסע פרייד! אָט הערט!...

פאַראַן אַף דער וועלט אַזאַ מין זאַך ווי מענטש...

(פאָרהאַנג פאַלט צו באַצייכענען דאָס פאַרגיין פון צייט. ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצן די פיר און רעדן צווישן זיך).

**דריטער:**

איך פאַרשטיי ניט! ער איז קיין פאַרברעכן ניט באַגאַנגען,

און מ׳האָט אים אַריינגעזעצט אַף אַ צענדליק יאָר...

**ערשטער:**

ווען איך זע אים ניט פאַרקערפערט אין פלייש און בלוט

וואָלט איך געשוואוירן, אַז ער איז אַ הייליקער...

**פערטער:**

עפּשער איז ער?

**צווייטער:**

זיי ניט קיין שויטע! הייליקע געפינען זיך אין הימל!

**דריטער:**

מיר דוכט זיך, אַז איך הייב אָן עפּעס צו פאַרשטיין...

**צווייטער:**

צום ביישפּיל ?

**דריטער:**

(מאַכט מיט די הענט, ווי ער וואָלט וועלן דערקלערן) איך...
איך קען עס ניט אַרויסברענגען...

**פערטער:**

(כאַפּט זיך פּלוצלונג) כ'האָב גאָר פאַרגעסן,
כ'דאַרף וואַשן היינט די צעל, ס'הייסט, איך און ער.

**דריטער:**

איך וועל וואַשן פאַר אים. ער איז אַלט.
עס פּאַסט ניט פאַר אים אַזאַ אַרבעט.

**צווייטער:**

בעסער טו עס ניט. ער וויל אַזעלכע זאַכן ניט ליידן.
די רעגירונג, זאָגט ער, האָט אים געגעבן אַ שטעלע,
און ער וויל פּינקטלעך אויספירן זיין אַרבעט.

**דריטער:**

מיר וועלן שפּעטער זען.

(פערטער און דריטער נעמען זיך וואַשן. אַז זיי האַלטן אין מיטן עפנט
זיך די טיר און דעבס קומט אַריין).

**דעבס:**

(נעמט דעם בעזים פון דריטנס האַנט) איך וועל עס ניט דערלויבן !
כ'באַשטיי אַף מיינע פולע רעכט ! איך וועל נאָך צוליב דיר
פאַרלירן מיין שטעלע !

**דריטער:**

איך וויל עס טאָן ! ... איך האָב פון דעם פאַרגעניגן !

**דעבס:**

טו דיין אייגענע פליכט, און לאָז דעם אַנדערן טאָן זיינע ! ...

**דריטער:**

מיר דוכט, איך הייב אָן עפּעס צו פאַרשטיין ! ...

(פּוירהאַנג)

## בילד אַכצן

(דעם וואָרדנס קאַבינעט. דער וואָרדן און דעבס).

**דעבס:**

(קומט אַריין) גוט מאָרגן, וואָרדן.

**וואָרדן:**

גוט מאָרגן, וויקטאָר, זייַ!

**דעבס:**

וואָס האָט דער וואָרדן עפּעס גוטס צו זאָגן?

**וואָרדן:**

(נעמט אַרויס אַ קעסטל האַוואַנעס) אַ ציגאַר? האַוואַנעס עכטע.

**דעבס:**

(נעמט איינעם) אַ דאַנק. (פאַרויכערט).

**וואָרדן:**

הער אויס, וויקטאָר, איך האָב גערופן דיך אַהער צוליב אַן איניען.

**דעבס:**

לאָמיר הערן.

**וואָרדן:**

דער איניען איז ווי פאָלגט: עס נייטיקט זיך מיין שטעלע
אין אַ סעקרעטאַר. כ׳האָב צופיל אַרבעט.

**דעבס:**

איז וואָס האָט עס צו טאָן מיט מיר?

**וואָרדן:**

אַסאַך.

**דעבס:**

איך פאַרשטיי ניט.

**וואָרדן:**

איך נייטיק זיך אין פּונקט אַזאַ ווי דו.
איך וויל דיך פאַר מיין סעקרעטאַר באַשטימען.
דו אַרבעטסט איצט אין דער אָפּטיילונג פון שניידעריי.
ס'איז ניט פאַר דיר קיין אַרבעט. וועסט זיצן דאָ
מיט מיר, און פּאָטער ווערן פון דער צעל.

**דעבס:**

עס טוט מיר לייד. כ'וועל זיך מוזן אָפּזאָגן.

**וואָרדן:**

דו ווילסט ניט אַרבעטן פאַר מיר ?
האָסט עפּעס קעגן מיר פּערזענלעך ?

**דעבס:**

ניין, וואָרדן. כ'האָב גאָרנישט קעגן דיר. דו ביסט
אַ גוטער מענטש און באַהאַנדלסט מיך בעסער ווי איך
האָב זיך געוואונטשן. איך ווינטש זיך נאָר, אַז ווען
די צייט וועט קומען, און אומשטענדן זאָלן דיך אַריינוואַרפן
אין אַזאַ לאַגע ווי מיינע איצט, זאָל איך זיין
דער וואָרדן פון יענער טפיסע, איך זאָל דיר קענען
אָפּצאָלן מיט גוטסקייט.

**וואָרדן:**

טאָ וואָס־זשע שטערט דיר די שטעלע אָנצונעמען ?
וואָלסט מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן.

**דעבס:**

כ'וואָלט אַלץ געטאָן דיר פּערזענלעך פאַרגעניגן צו פאַרשאַפן, וואָרדן.
איך וויל אָבער זיך אויך ניט טאָן קיין שאָדן.

**וואָרדן:**

ווי אַזוי וועסטו זיך שאָדן טאָן ?

**דעבס:**

מיט דעם וואָס איך וועל זיך אַליין, און די אַנדערע,
מיינע כאַוויירים דאָ, פאַרראַטן.

**וואָרדן:**
איך פאַרשטיי דיך ניט.

**דעבס:**
איך ווייס, וואָרדן, פאַרוואָס דו שלאָגסט מיר פאָר די שטעלע.
ניט ווייל דו דאַרפסט אַ סעקרעטאַר, נאָר ווייל דו האָסט אַ גוט האַרץ.
און ווייל דו האָסט אין מיר דערזען אַ מענטשן, דעריבער טוסטו דאָס.
איך אָבער קען ניט זיין קיין אויסנאַם פון אַלע אַנדערע
וואָס קומען אָפּ זייער שטראָף. וואָלסט געדאַרפט אויסקלייבן
איינעם פון זיי, דעם סאַמע נידעריקסטן, און אים דערהויבן.
דו וואָלט דערפרייט אַ מענטשן. מיר ווערסטו קיין גרויסע טויווע
מיט דעם ניט טאָן. איך קען טאָן די אַרבעט וואָס איך טו.
זי פאַלט אָף מיר ניט שווער. די געדאַנקען מיינע
געפינען זיך ווייט אַהינטער די גראַטעס און די טפיסע־ווענט.
איך באַמערק זיי אַפילע ניט. מיין קערפּער בלויז איז דאָ.
און דאָ איז אַזאַ גוט פלאַץ ווי ערגעץ אַנדערש.
איך לעב דאָ אין פרידן מיט דער נעשאָמע מיינער.
איך לעב דאָ מיט דער ליבע און געטריישאַפט פון מיינע כאַווײרים
אַף יענער זייט פון די טפיסע־ווענט. די אַנדערע אָבער,
זיי האָט דאָס לעבן צופעליק אַהער פאַרפירט. אַן אומגליקס־פאַל.
אַף זיי פאַלט דאָס לעבן דאָ אַהינטער גראַטעס שווער.
איך באַלאַנג אין טפיסע. איך באַלאַנג דאָרט וואו מענטשן קומען אָפּ,
פאַר די פאַרברעכנס וואָס די געזעלשאַפט האָט זיי געצוואונגען צו
באַגיין.
מיין גאַנץ לעבן האָב איך מיט פרייד אוועקגעגעבן
צו מאַכן דאָס לעבן שענער און דערטרעגלעכער. און איצט
איז מיר באַשערט צו קענען ניט נאָר רעדן, נאָר אויך טאָן.
איך באַלאַנג אין טפיסע. איך באַלאַנג דאָרט וואו מענטשן קומען אָפּ
דאָ ליגן די וואָרצלען פון אונזער איצטיקער סיסטעם,
און אויך דער שפּעטערדיקער. זיי אָבער זיינען אַנדערש.
פאַר זיי זיינען די טפיסע־ווענט אַ שטראָף, אַ שווערע שטראָף.
געוויס וואָלט איך איצט בעסער געווען אַף דער פריי,

**מיט מיינע טייערע כאַווירים וואָס האַלטן הויך די פאָן פון
מענטשלעכקייט,**
און אָנפירן צוזאַמען מיט זיי די אַרבעט. אָבער ס'מוז דאָך אימיצער
זיצן הינטער גראַטעס, צו קענען אונטערשיידן צווישן ליכט און
פינצטערניש.
און איך בין העכסט צופרידן מיט מיין גורל.

**וואָרדן:**

כ'מוז צוגעבן, דו ביסט אַ מענטשן־קענער.

**דעבס:**

אַ דאַנק דיר, וואָרדן, פאַר אַ קאָמפּלימענט.

**וואָרדן:**

ווען ס'וואָלט ניט געקלונגען ווי אַ וויץ, וואָלט איך געזאָגט
אַז איך בין דיך מעקאַנע. דו טראָגסט אין זיך אַ גרויס און מענטשלעך
האַרץ.

**דעבס:**

דו אויך, וואָרדן.
(מאַרי, דעם וואָרדנס טעכטערל, אַ מיידעלע פון אַ יאָר ניין, קומט אַריין
צולויפן).

**מאַרי:**

העלאָ, פּאַפּאַ.

**וואָרדן:**

העלאָ, טאָכטער! באַקען זיך, אָנקל וויקטאָר,
מיין טעכטערל מאַרי.

**מאַרי:**

העלאָ, אָנקל וויקטאָר.

**דעבס:**

העלאָ, מאַרי. (שטרעקט איר אויס אַ האַנט, ציט זי צו צו זיך און
נעמט זי אַפן שויס). האָסט עפּעס אַסאַך שפּילעכלעך, קינד?

**מאַרי:**

איך וויל זיך שפּילן אין פערדלעך, און מאַמע וויל ניט זיין מיין פערדל.

**דעבס:**

קום, ווען מיר בײדע שפּילן.

**מאַרי:**

(פּאַטשט מיט די הענטלעך) דו וועסט זײַן מײַן פערדל?

**דעבס:**

יאָ. (לאָזט זיך אַראָפּ אַף די קני. שפּאַרט זיך אָן אַף די הענט. זעצט אַף זיך אַרויף מאַרין, און נעמט אַף אַלע פיר אַרומקריכן איבערן צימער. עס געדויערט אַ פּאָר מינוט. דעבס בלײַבט שטיין). ס'וועט זײַן גענוג, קינד?

**מאַרי:**

ניין, איך וויל נאָך.

**וואָרדן:**

גענוג, טאָכטער. אָנקל וויקטאָר איז מיד.

**מאַרי:**

פּאַפּאַ, ווער איז אָנקל וויקטאָר?

**וואָרדן:**

אָנקל וויקטאָר איז אַ גוטער אָנקל, וואָס האָט ליב אַלע קלײנע מײדעלעך און אינגעלעך,
און אַלע קלײנע מײדעלעך און אינגעלעך האָבן אים ליב. אַמאָל, ווען דו וועסט
אויסוואַקסן אַ גרויסע, וועסטו זײַן שטאָלץ מיט דעם וואָס דו האָסט מיט אָנקל וויקטאָרן געשפּילט אין פערדלעך.

**מאַרי:**

פּאַפּאַ, פאַרוואָס קומט אָנקל וויקטאָר ניט אַרויף צו אונז אין הויז?
איך וואָלט מיט אים זיך קענען שפּילן.

**וואָרדן:**

אָנקל וויקטאָר איז זײער שטאַרק פאַרנומען, קינד. ער האָט קײן צײַט ניט.
אַז ער וועט פאַרטיק ווערן מיט זײַן אַרבעט, וועט ער קומען אָפט.
און איצטער, טאָכטער, גײ זאָג דער מאַמען אַז איך קום באַלד עסן מיטאָג.

**מאַרי:**

גוד באַי, פּאַפּאַ!

**וואָרדן:**

גוד באַי, טאָכטער!

**מאַרי:**

גוד באַי, אָנקל וויקטאָר!

**דעבס:**

גוד באַי, קינד! (מאַרי אָפּ)

**וואָרדן:**

כ'האָב מוירע פאַר איין זאַך. מען זאָל דיך פונדאַנען
ניט אוועקנעמען.

**דעבס:**

וואָס מיינסטו?

**וואָרדן:**

מען זאָל זיך ניט דערוויסן ווי אַזוי איך באַהאַנדל דיך,
און דיך אַוועקנעמען אין אַן אַנדער טפיסע.

**דעבס:**

איך מיין אַז זיי וועלן זיין גערעכט.
האָסט געדאַרפט באַהאַנדלען מיך אַביסל שטרענגער.

**וואָרדן:**

איך קען עס ניט.

**דעבס:**

דו מוזט! געזעץ איז געזעץ! דו מוזט עס אָפּהיטן!
דו ביסט געזעצס פאַרטרעטער!

**וואָרדן:**

געזעץ איז קאַלט! עס ווערט אין וואַרימקייט פון מענטש צעשמאָלצן.

**דעבס:**

איך פיל מיט דיר, וואָרדן.

**וואָרדן:**

(טראַכט אַ ווײַלע) איך וועל ניט לאָזן!

**דעבם:**

וואָס ?

**וואָרדן:**

דיך צונעמען פון דאַנען. סיידן זיי וועלן
באַפרייען דיך אינגאַנצן.

**דעבם:**

אַ דאַנק דיר נאָכאַמאָל, וואָרדן ! דו ביסט אַ גוטער מענטש.
זאָלן זיי טאָן מיט מיר דאָס וואָס זיי ווילן.

**וואָרדן:**

דאָס וואָלט געווען אַ טרויעריקער טאָג אין לעבן מיינעם.

**דעבם:**

(הייבט זיך אויף) מיין פריינט, אַ גוטן טאָג !
צייט פאַר דיר גיין עסן !

**וואָרדן:**

איך האָב אין גיכן דיך צו קענען איינלאַדן צו מיין טיש.

**דעבם:**

איך וועל עס אָנעמען מיט פרייד. אַ גוטן טאָג ! (גייט אַרויס)

**וואָרדן:**

(בלייבט שטיין אַ טרויעריקער. קוקט צו דער טיר).
ניט פאַר אַזעלכע האָט מען געבויט די טפיסעס ! . . .

(פוירהאַנג)

## בילד ניינצן

(דער קאַבינעט פון פרעזידענט וויליאַמס. וויליאַמס האָט אַרויסגערופן דעבסן צו פּרואוון אים באַאיינפלוסן צו בויגן זיך אַביסל און בעטן באַגנאַדיקונג. יאָר 1921).

**וויליאַמס:**

(שפּאַנט אַרום אַהין און צוריק אין קאַבינעט)
איך וועל אים בויגן!
איך וועל אים מוזן בויגן! אז ניט וועל איך קיין פּעטיציעס ניט אונטערשרייבן,
אפילע ווען דאָס גאַנצע פאָלק זאָל עס פאָדערן! ער וועט מוזן בעטן
זיין באַגנאַדיקונג! איך בין פונקט אַזאַ אַקשן ווי ער!
מיר וועלן זען, ווער פון אונז עס איז אַ גרעסערער!
ער וועט בעטן זיין באַגנאַדיקונג! אז ניט
וועט ער פאַרפוילט ווערן אין טפיסע! (אַ קלאַפּ אין טיר) אריין!

**סעקרעטאַר:**

אייער עקסעלענץ, מיסטער וויקטאָר דעבס!

**וויליאַמס:**

פיר אים אַריין! (גייט צו צום טיש און זעצט זיך אַוועק, קוקט אין פּאַפּירן).

**סעקרעטאַר:**

יאָ, מיין הער! (גייט אַרויס).
(עס עפנט זיך די טיר, דעבס קומט אַריין).

**דעבס:**

גוט־מאָרגן, מיסטער פּרעזידענט!

**וויליאַמס:**

(שטייט אויף, גיט אים די האַנט) גוט־מאָרגן, מיסטער דעבס. זיץ!

**דעבס:**

א דאַנק! (זעצט זיך).

**וויליאַמס:**

(קוקט אים שאַרף אָן) ביסטו עס, הייסט עס, דער באַרימטער וויקטאָר דעבס,

וואָס שטימט ניט איין מיט דער אָנפירונג פון לאַנד!

**דעבס:**

דאָס בין איך!

**וויליאַמס:**

און ביסט אַהער געקומען בעטן באַגנאַדיקונג?!

**וויליאַמס:**

ניין, דו האָסט נאָך מיר געשיקט. האָסט אויסגעדריקט דיין ווילן מיך צו זען,

בין איך געקומען. כ'וויל הערן, וואָס דו פאַרלאַנגסט פון מיר.

**וויליאַמס:**

כ'פאַרלאַנג פון דיר איין זאַך. האָסט נאָכפאָלגער אַסאַך, איך וויים,

אָבער ניט גענוג אַף דיך אַרויסצונעמען פון דער טפיסע.

איך וויל דיך באַגנאַדיקן, מיט איין באַדינג, אָבער...

**דעבס:**

וואָס איז דער באַדינג?

**וויליאַמס:**

זאָלסט בעטן באַגנאַדיקונג!

**דעבס:**

האָסט אַ נייגונג, ווי איך זע, צו פּאַראַדאָקסן!

איך האָב שוין לאַנג דעם איינדרוק וועגן דיר!

איצט האָב איך זיך פּערזענלעך איבערצייגט אין דעם.

**וויליאַמס:**

ס'איז ניט קיין פּאַראַדאָקס. איך וויל דיך באַגנאַדיקן!

**דעבס:**

דאָס איז דיין זאַך! אויב דו וועסט מיך באַגנאַדיקן,

וועל איך עס מוזן אָננעמען, כאָטש איך בין פולשטענדיק
צופרידן מיט מיין גורל. ווייל וואָס אָנבאַלאַנגט מיר,
עקזיסטירן ניט פאַר מיר קיין טפיסעס. איך זע זיי ניט.
דער גייסט מיינער טראָגט זיך ווייט אַהינטער
אָט דער אינסטיטוציע, און מישט זיך אוים מיט דעם גייסט
פון מיינע געטרייע כאַוויירים איבער גאָר דער וועלט.
צו זיצן אין טפיסע פאַר דאָס, וואָס איך זיין,
איז ניט קיין אָפּקומעניש. עס איז אַ פאַרגעניגן.
אַ גרויסע פרייד! מען דאַרף זויבע זיין צו דעם!
איך דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעקליבן מיך,
דעם מענטש צו דינען. איך ווייס, עס קומט דער גרויסער טאָג
פון אַלע טעג, און דער געדאַנק פון דעם גיט מיר דעם ווילן
און דעם קויעך. איך בין צופרידן אויסצוזיצן מיין טערמין.
נאָר אויב עס גייט דיר אין לעבן דאַווקע מיך באַגנאַדיקן,
וועל איך עס אָננעמען מיט איין באַדינג.

**וויליאַמס:**

וואָס מיינסטו?

**דעבס:**

מיט דעם באַדינג, אַז אַלע מיינע כאַוויירים,
וואָס זיצן אין טפיסע דערפאַר וואָס זיי זיינען אַרויסגעטראָטן
קעגן קריג, אָדער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען די ביקס אין האַנט,
זאָלן באַפרייט ווערן צוגלייך מיט מיר.

**וויליאַמס:**

דו ביסט מעשוגע!

**דעבס:**

איינער פון אונזביידן איז עס זיכער!

**וויליאַמס:**

איך רעד צו דיר ווי צו אַ מענטשן! לאָז זיך דינען!

**דעבס:**

און איך ענטפער ווי ענטפערן דאַרף אַ מענטש!

**וויליאַמס:**

ווילסט שפּילן אַף די סענטימענטן פון דער מאַסע !
ווילסט שפּילן די ראָל פון א מאַרטירער, א הייליקן !

**דעבס:**

איך שפּיל די ראָל פון מענטש ! דו שפּילסט
די ראָל פון גאָלדענעם קאַלב !

**וויליאַמס:**

איך פרעג ניט קיינעם וועלכע ראָל צו שפּילן ?

**דעבס:**

איך האָב דיך אויך ניט געפרעגט ! האָסט אָנגערופן מיין ראָל,
האָב איך אָנגערופן דיינע.

**וויליאַמס:**

איך זאָג דיר, מענטש, דו ביסט פאַרבלענדט געוואָרן !
זעסט ניט דאָס ליכט, דאָס גרויסע, וואָס גייט אוף !

**דעבס:**

פאַרבלענדט איז זיכער איינער פון אונזביידן !
דאָס וועט די צוקונפט ווייזן !

**וויליאַמס:**

די צוקונפט איז א שפּעטערדיקע זאַך !

**דעבס:**

איך קען וואַרטן. איך האָב צייט.

**וויליאַמס:**

דו זעסט דען ניט, אַז מיר זיינען אריינגעצויגן געוואָרן
אין מילכאָמע קעגן אונזער ווילן ?

**דעבס:**

בלויז שוואַכע טוען זאַכן קעגן זייער ווילן !

**וויליאַמס:**

מיר האָבן געמוזט צולייגן א האַנט צו דער מילכאָמע !
די דעמאָקראַטיע איז געשטאַנען אין געפאַר !

**דעבס:**

פאַרוואָס רעדסטו קעגן זיך אַליין ?
דאָס איז ניט עמעס !

**וויליאַמס:**

באַשולדיקסט מיך אין אומאופריכטיקייט ?

**דעבס :**

ניין, אין שוואַכקייט !

**וויליאַמס:**

דו מיינסט צו זאָגן, אַז מען האָט אַף מיר
דעם קריג אַרופגעצוואונגען ?

**דעבס:**

כ'בין זיכער. נעם עפן אוף דיין אייגן בוך,
„די נייע פרייהייט", און לייען. דו זאָגסט דאָרט אַליין,
אַז מילכאָמעס מאַכן נאָר דעם פאָלקס רעגירער,
און קיינמאָל ניט דאָס פאָלק. איין פאָלק האָט ניט פאַרוואָס
מילכאָמע האַלטן מיט אַן אַנדער פאָלק. דאָס זיינען דיינע ווערטער.

**וויליאַמס:**

אויך אַ מענטש, וואָס שרייבט געשיכטע קען מאַכן אַ פעלער !
איך האָב זיך אַנדערש איבערצייגט.

**דעבס:**

דו האָסט אים געמאַכט ! האָסט אַריינגעשלעפט
דאָס לאַנד אין אַ מילכאָמע !

**וויליאַמס:**

ווייל איך גלויב, עס איז געווען אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט.
די מילכאָמע אונזערע איז אַ גערעכטע.

**דעבס:**

ניט געווען נאָך אַזאַ אַף דער וועלט,
און וועט ניט זיין !

**וויליאַמס:**

דו קענסט ניט קיין געשיכטע !

**דעבס:**

איך קען אָבער דעם, וואָס שאַפט זי.
איך קען דעם מענטש!

**וויליאַמס:**

מען דאַרף אים אָנווייזן דעם וועג דעם ריכטיקן!

**דעבס:**

עס וועט זיך אָבער ווער עס איז דער וועגווייזער.
איך, פון מיין זייט, האַלט, אַז דער מענטש
דאַרף זיך אַליין זיין וועג געפינען.

**וויליאַמס:**

עס קען אָבער נעמען זייער לאַנג.

**דעבס:**

ס'איז דאָ אַן אייביקייט מיט צייט,
מיר קענען וואַרטן!

**וויליאַמס:**

ס'איז אונזער פליכט צו טאָן אַלץ, וואָס מיר קענען!

**דעבס:**

ווער האָט די פליכט די דאָזיקע דיר געגעבן?

**וויליאַמס:**

און דיר? דו רעדסט דאָך אויך אין נאָמען
פון דער מענטשהייט.

**דעבס:**

ניין, אין נאָמען פון מענטש! דאָס הייסט, אין נאָמען
פון זיך אַליין. פאַר זיך און צוליב זיך אַליין האָב איך
מיין גורל זיך גענומען; און אָנשטאָט אַ רייכן קאַבינעט,
האָב איך די ענגשאַפט פון אַ טפיסע אויסגעקליבן.
מיר איז דאָרטן ליכטיקער...

**וויליאַמס:**

ביסט אַן אומהיילבארער פאַנאַטיקער.

**דעבס:**

אויב אַזעלכע מענטשן ווי יעזוס און סאָקראַט
זיינען עס געווען, בין איך עס אויך!

**וויליאַמס:**

ווילסט די צוקונפטיקע דורעס זאָלן,
ווי זייערן, פאַרהייליקן דיין נאָמען.

**דעבס:**

מיין נאָמען איז אינגאַנצן דאָ ניט וויכטיק.
ס'איז וויכטיק בלויז דער מענטש, וואָס האָט קיין נאָמען ניט.

**וויליאַמס:**

איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, מענטש, דו ביסט פאַרבלענדט!
טראַכט זיך גוט אריין אין אונזער זאַך. וועסט זען, אַז מיר זיינען גערעכט.
איך וויל דיך באַגנאַדיקן! איך וויל נאָר עס זאָל הייסן,
אַז דו בעטסט באַגנאַדיקונג.

**דעבס:**

בעטן באַגנאַדיקונג, הייסט צוגעבן אַ טאָעס.
ניט איך בין דער, וואָס האָט געמאַכט דעם טאָעס, נאָר דו,
הער פּרעזידענט! דו האָסט דאָס פאָלק פאַראַטן!
איך קען ניט זיין קיין אַנדערער, ווי איך בין, אַ מענטש,
און בין פאַר דעם אין טפיסע, און וועל דאָרטן זיין,
ווי לאַנג מען וועט מיך האַלטן. איך וואָלט גיכער
געגאַנגען צו דער טליע, איידער אָפּלייקענען איין וואָרט
פון דעם, וואָס איך גלויב! ניטאָ קיין מענטש
אַף דער ערד, וואָס וואָלט צו דעם באַוואויגן מיך!
מיין איבערצייגונג און מיין גלויבן זיינען מיר טייערער
ווי דאָס לעבן מיינס! וואָס איז דאָס לעבן
פון אַן איינצלנעם, כאָטש יעדע לעבעדיקע זאַך
איז הייליק, אין ליכט פון גרויסן אידעאַל,
פון מענטש?!

**ווילי‏אַמס:**

די געשיכטע האָט שוין באַוויזן ווי מענטשן פּאַראַקשנטע
האָבן זיך געבויגן!

**דעבס:**

יענע זיינען שוין געווען געבויגענע, איידער זיי זיינען
נאָך געווען פּאַראַקשנט! דער מענטש, וואָס פילט
די ווייטיקן פון גייסט מער ווי די ווייטיקן פון קערפּער,
דער וועט זיך אין אַן אייביקייט ניט בויגן!...

**ווילי‏אַמס:**

(שפּרינגט אויף נערוועז)
איך האָב דיך פיינט מיט יעדן טראָפּן פון מיין בלוט!...

**דעבס:**

(הויבט זיך אויף)
איך פיל עס. איך ווייס פאַרוואָס. דו ווייסט עס אויך!
נאָר דו וועסט עס ניט צוגעבן.

**ווילי‏אַמס:**

וואָס מיינסטו?

**דעבס:**

דו ביסט, אין טאָך גענומען, אַ מענטש מיט אידעאַלן,
ווי דאָס באַווייזט דיין בוך „די נייע פרייהייט".
און דיינע קלינגענדיקע פערצן פּונקטן. נאָר האָסט
די ווערטער דיינע אין טאַטן ניט פאַרקערפּערט.
און ווערטער אָן טאַטן זיינען ווי יוני־טעג אָן זון,
ווי זאַנגען אָן קערנדלעך. האָסט ניט געהאַט דעם מוט
צו אָנטאָן אַ געשטרייפטע אוניפאָרם פאַר דיין גלויבן.
האָסט זיך געלאָזט באַאיינפלוסן פון גאָלד, און בעסער אויסגעקליבן
אַ צילינדער און אַ פראַק, און דעם טיטל „פּרעזידענט".
האָסט מוירע געהאַט, אַז אַנדערש וועט דיר די געשיכטע
אָפּגעבן אַ קירצערן קאַפּיטל! מיין פריינט,
פאַרבלענדט איז איינער פון אונז ביידן!...

**וויליאַמס:**

פאַרדאַמען זאָל דיך גאָט און מענטש ! . . .

**דעבס:**

אויב פאַר גלויבן אין גאָט און מענטש קומט פאַרדאַמט צו ווערן,
בין איך פאַרדאַמט, אַ גוטן טאָג, הער פּרעזידענט ! (גייט אַרויס).

**וויליאַמס:**

פאַרדאַמען זאָל דיך גאָט און מענטש ! . . .

.... (פוירהאַנג)

# בילד צוואַנציק

(אַ פּלאַטפאָרמע. אַף איין זייט בינע פּרעזידענט וויליאַמס לייגט פאָר זיין פּלאַן פון פעלקער בונד פאַרן פאָלק).

**וויליאַמס:**

בירגער פון אַמעריקע! איך וויל אייך אָפּגעבן אַ כעשבן פון קריג,
און ווי מיר האָבן דערגרייכט דעם פרידן און אים פאַרזיכערט.
עס איז אונז געלונגען צו ברעכן דעם רוקנביין פון אָטאָקראַטיע.
די פעלקער זיינען זיך צונויפגעקומען באַם גרינעם טיש,
און האָבן איינגעשטימט צו גרינדן אַ פעלקער בונד,
וואָס וועט פון היינט אָן און וויטער פאַרהאַנדלען די סיכסוכים
פון די פעלקער פון דער וועלט אַף אַ פרידלעכן אויפן.
דער פעלקער בונד וועט זיין דער אָפּהיטער פון שאָלעם אַף דער וועלט.
יעדעס פאָלק פאַרפליכטעט זיך אונטערצואוואַרפן
דעם פעלקער טריבונאַל און אָננעמען זיין מישפּעט.
יעדעס פאָלק וועט באַטראַכט לויט זיינע אייגענע נויטן און
באַדערפעינישן
אין איינקלאַנג מיט די אַנדערע פעלקער פון דער וועלט,
און אַלע וועלן קריגן גלייכהייט און גערעכטיקייט.
יעדעס פאָלק וועט זיך פון היינט און וויטער קענען אַנטוויקלען
אין איינקלאַנג מיט דער ציוויליזאַציע פון דער וועלט
און פרידלעך לעבן אין די גרעניצן פון זיין לאַנד.
מיר האָבן געשאַפן נייע לענדער. די פעלקער
וועמען די געשיכטע האָט געקריוודעט, האָבן מיר צוריקגעגעבן
זייער באָדן, און זיי וועלן שפּילן אַ גרויסע ראָל
אין העלפן אופהאַלטן דעם פרידן, און פאַרזעצן די ציוויליזאַציע
פון דער מענטשהייט...

**קאָל:**

און וואָס איז געוואָרן מיטן זיג אָן זינגער און באַזינגטע?

**צווייטער:**

און וואָס איז געוואָרן מיטן געדאַנק פון אָפענע פאַרהאַנדלונגען?

**וויליאַמס:**

געדולד, מיינע פריינט. אַן איינגעוואָרצלטע געוואוינהייט
לאָזט זיך אַזוי גיך ניט אויסראָטן.
עס ליגט אויף אונז דער כויוו אין דער אַלטער וועלט
אַריינצובלאָזן נייעם אָטעם. מיר מוזן זיך אָנשליסן
אָן דעם פעלקער בונד, און אונזער גייסט וועט אים
מיט דער צייט באַהערשן...

**קאָל:**

וואָס האָבן מיר צו טאָן מיט אייראָפּע?

**צווייטער:**

די מאָנראָ דאָקטרין הייסט אונז זיך ניט מישן...

**דריטער:**

וואָס האָט אונזער לאַנד געטאָן אין קריג?

**פערטער:**

פאַר וועמען האָב איך מאַקריוו געווען מיין זון? פאַרוואָס?

**קוילעם:**

פאַר וועמען מאַקריוו געווען אונזערע זין? פאַרוואָס?

**מאָלדאַט:**

גיב מיר אָפּ מיין פוס...

(אַף דער צווייטער זייט בינע איז אַ טורמע־הויף. אַ גרויסע דעלעגאַציע
איז געקומען איבערגעבן דעבסן די פּרעזידענט נאָמינאַציע אַף דער
ראַדיקאַלער פּלאַטפאָרמע).

**דעבס:**

(באַגריסט די דעלעגאַציע)

איך דאַנק אייך, כאַווײרים, פאַר צוטיילן מיר דעם גרויסן קאָווּעד
צו זיין דער פאָנען־טרעגער פון גערעכטיקייט און פרייהייט.

ווי וואונדערלעך עס הארמאָנירן מיינע קליידער
מיט דעם געדאַנק וואָס מיר טראָגן צו דער וועלט, און ווי פּאַראַדאָקסאַל
מיר האָבן ערשט פאַרענדיקט אַ מילכאָמע.
נעדאַרפט האָט עס זיין די לעצטע,
ווי דאָס האָט פּראָקלאַמירט דער „נאָווי" פון „ווייסן הויז".
ער זעט אָבער ניט, אין זיין בלינדקייט, ווי ער האָט פאַרזייט
די קערנדלעך פון אַ נייער.
אָנשטאָט צו לייזן די אָנגעוויטיקטע פּראָבלעמען,
האָט ער זיי מער פאַרפּלאָנטערט.
ער האָט אָפּגעריסן טעריטאָריעס פון אַלטע פעלקער
און באַשאַפן נייע. די וועלט זאָל האָבן מער אורזאַכן
איבער וואָס צו רייסן זיך. די סינע צווישן פעלקער איז פאַרשטאַרקט
געוואָרן. די אַלטע געהיימע דיפּלאָמאַטיע
איז געבליבן. ניט קיין פעלקער־בונד האָט ער באַשאַפן,
נאָר אַ דיפּלאָמאַטן־בונד, וואו כיטרע רעדנער
זאָלן קענען האַלטן שיינע רעדעס.
וואָס איז געוואָרן מיט זיין זיג אָן זיגער און באַזיגטע ?
טוט אַ קוק אין די פאַבריקן פוןביידע
און איר וועט זען ווי די וואָפן־פאַבריקאַציע גייט אָן
מיט אימפּעט. ניט קיין פעלקער־בונד קען ברענגען
די געאולע, נאָר אַ מענטשן־בונד. ניט קיין פעלקער
גלייכע, נאָר מענטשן גלייכע. ניט קיין פעלקער־טריבונאַל
איז נייטיק, נאָר אַ געוויסן־טריבונאַל.
אַ טריבונאַל פון עקאָנאָמיש און אידייאיש גלייכע.
און אין נאָמען פון אָט דער זאַך נעם איך אָן
צו זיין דער פאָנען־טרעגער אירער.
(ווען דעבס פאַרענדיקט, הויבן די צוהערער אָן צו זינגען דעם אינטער־נאַציאָנאַל. פון דער צווייטער זייט הויבט דער אוילעם אָן אַריבער־צוגיין אַהער און שליסט זיך אָן אָן געזאַנג).

(פורהאַנג)

# בילד איין־און־צוואַנציק

(אַ באַגינען אין כוידעש מאַי, 1926. דעבס ליגט אַ קראַנקער אַפן בעט. לעבן אים, זיין ברודער טעאָדאָר און פרוי דעבס. זי דרעמלט אין אַ שטול).

**דעבס:**

(זעצט זיך אויף) טעאָדאָר, דו שלאָפסט?

**טעאָדאָר:**

ניין, ברודער. האָסט עפּעס געוואָלט?

**דעבס:**

כ'האָב געוואָלט וויסן פאַרוואָס דו שלאָפסט ניט.

**טעאָדאָר:**

און דו, ברודער, וואָס האָט דיך אַזוי פרי אויפגעוועקט פון שלאָף?
ס'איז נאָך זייער פרי באַגינען. די פייגל און די אינזעקטן
שלאָפן נאָך. עס שלאָפט אין גאָרטן נאָך דאָס גראָז. און עס שלאָפט
נאָך
גאָט אַליין.

**דעבס:**

גאָט שלאָפט ניט. גאָט שלאָפט קיינמאָל ניט.

**טעאָדאָר:**

ווי פילסטו, ברודער?

**דעבס:**

איך האָב קיינמאָל בעסער נאָך אין לעבן ניט געפילט.

**טעאָדאָר:**

איז גוט! וועסט געזונט ווערן און ווידער וועלן מיר
צוזאַמען פאַרזעצן די אַרבעט אונזערע.

**דעבס:**

איך וועל אליין קיין ארבעט מער ניט קענען טאָן...

**טעאָדאָר:**

וואָס מיינסטו צו זאָגן, ברודער?

**דעבס:**

כ'וועל די ארבעט טאָן דורך דיר, דורך די כאַוויירים אונזערע,
און דורך די ארבעטנדיקע מאסן איבער גאָר דער וועלט.

**טעאָדאָר:**

ברודער!...

**קעטרין:**

(כאַפּט זיך אויף) גוט־מאָרגן, ליבער וויקטאָר.
דו שלאָפסט ניט?

**דעבס:**

ניין, ליבע קעטרין.

**קעטרין:**

ניט גוט אזוי. האָסט באַדאַרפט שלאָפן.
עס איז געזונט. וואָלסט ניכער צו זיך געקומען.
(עס באַווייזט זיך די זון אין אָפענעם פענצטער. פייגל זינגען).

**דעבס:**

ווער קען שלאָפן אין אזא ליכטיקן פרימאָרגן?
זעסט די יונגע זון? א פרישע, אַן אויסגעצוואָגענע,
ווי דאָס ליכטיק פּעניסל פון א קינד. הערסט
די פייגל זינגען? גאָט האָט זיך דאָס צעשמייכלט.

**קעטרין:**

ווי פילסטו, ליבער?

**דעבס:**

וואונדערלעך. כ'געדענק ניט נאָכאמאָל,
ווען איך האָב אזוי גוט געפילט, סיידן
ווען איך האָב באַטראַכטן די שוועל פון טפיסע.
(עס עפנט זיך די טיר. דער דאָקטאָר קומט אַריין).

**דאָקטאָר:**

גוט־מאָרגן! שוין וואך? צוזאַמען מיט די ערשטע פייגל.

**קעטרין:**

גוט־מאָרגן, דאָקטאָר!

**טעאָדאָר:**

גוט־מאָרגן, דאָקטאָר!

**דעבס:**

גוט־מאָרגן, דאָקטאָר! (שמייכלט)
איך האָב די פייגל אופגעוועקט.

**דאָקטאָר:**

וואָס האַלט דיך אַפּ פון שלאָפן? האָסט ניט געפילט גוט?

**דעבס:**

איך פיל וואונדערלעך, דאָקטאָר, נאָר דער באַגינען,
אַזויפיל בלויע ליכטיקייט! אַזויפיל שיינקייט!
און די יונגע זון... טו אַ קוק, דאָקטאָר (ווייזט אים אַף דעם פענצטער)
ווי קען אַ מענטש פאַרשלאָפן אַזויפיל שיינקייט!
אַ דאַנק פאַר קומען, דאָקטאָר, איך גלויב אָבער,
אַז איך וועל זיך היינט אין קיין הילף ניט נייטיקן!

**דאָקטאָר:**

עס פרייט מיך דאָס צו הערן. אַ גוטן טאָג! (גייט אַרויס)

**דעבס:**

קעטרין, טעאָדאָר, זעצט זיך אַוועק לעבן מיר, דאָ אַפּן בעט.
איך וויל אַף אייך ביידן קוקן. גיב מיר דיין האַנט, קעטרין.
גיב מיר דיין האַנט, טעאָדאָר.
איך וויל אייך ביידן עפּעס בעטן.
איך וויל איר זאָלט מיר אַ צוזאָג געבן.

**טעאָדאָר:**

זאָג, וואָס דו פאַרלאַנגסט, איך וועל עס דיר פאַרשאַפן!

**קעטרין:**

וואָס נאָר דו ווילסט, מיין ליבער!

**דעבס:**

איך ביידע זענט דאָס טייערסטע, וואָס איך פאַרמאָג אױף דער וועלט.
איר זענט מיט מיר געשטאַנען אין יעדן פאַל און זיג מיינעם.
אייער געטריישאַפט און ליבע האָבן מיר צוגעגעבן מוט
אָנצוגיין מיט מיין אַרבעט. איך האָב געלעבט דאָס לעבן פון אַ מענטשן
אױף דער ערד. וואָלט איך אַצינד געבוירן וואָרן ווידער,
וואָלט איך פאַרנומען זיך אױף דעמזעלבן וועג, וואָס איך בין געגאַנגען.
איצט ענדיקט זיך מיין וועג. מענטשן רופן עס „טויט”!
דאָס איז דאָך אָבער מער ניט ווי אַ נאָמען, אַ באַגריף.
ניטאָ אַזאַ זאַך ווי טויט! אים האָבן אָפּגעלייקנט
די געשיכטלעכע מאַרטירערס!... איך פיל, ווי איך טרעט אַריין
אין אייביקן לעבן... כ׳פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס מענטשן
שטעלן זיך פאָר דעם טויט אין שוואַרץ, און ציטערן פאַר אים.
איך פיל אַזוי פיל ליכט... אַזוי פיל זוניקייט... אַזש עס בלענדט די
אויגן.
אַזויפיל ליכטיקייט האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען!...
כאָטש נעם אָן גאַנצע הויפנס ליכטיקייט און טייל פאַנאַנדער!...
איך וויל איר זאָלט דערפילן דאָס, וואָס איך פיל און ניט וויינען
— נאָר פרייען זיך. יאָ, עס איז אַ פרייד, אַ גרויסע פרייד,
נאָכדעם ווי מען האָט געלעבט דאָס פולע לעבן אױף דער ערד.
זאָגט איר עס מיר צו?...

**טעאָדאָר:**

מיין גרויסער, וואונדערלעכער ברודער!...

**קעטרין:**

מיין ליבער, גוטער וויקטאָר!...

**דעבס:**

לאָמיר זען אַ שמייכל אױף אייערע פּנימער,
אַ שמייכל, ליכטיק ווי די זון. (טעאָדאָר און קעטרין צעשמייכלען זיך
צוזאַמען מיט דעבסן) און איידער
איך מאַך די אויגן מיינע צו, וויל איך נאָך דיקטירן
אַ פּאָר ווערטער, טעאָדאָר, נעם פעדער און פּאַפּיר.

**טעאָדאָר:**

(נעמט פעדער און פּאַפּיר).

**דעבס:**

פאַרשרייב די לעצטע ווערטער מיינע:

(אין דער צייט, וואָס דעבס דיקטירט, מאַרשירן פּאַרביי זיין פענצטער אַרבעטער מיט פאָנען, זינגענדיק דעם אינטערנאַציאָנאַל).

— „איר אַלע מיינע נאָענטע און ליבע, איר אַלע מענטשן פון דער וועלט,

צי קענט איר זיך פאָרשטעלן די צוקונפט? די גאַסן פון די שטעט מיט ליכט באַגאָסענע, מיט זוניקייט פון מענטש. די פעלקער פאַרברידערטע.

די אַלטע בענטשנדיק די יונגע קינדער. די פאַרגאַנגענהייט אין דער קעגנוואַרט פאַרליבט.

די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פון מענטש, אין זוניקייט פון מענטשלעכן געוויסן.

דער מענטש פון דלאַט צוזאַמען מיט דעם מענטש פון בוך, געאָרעמט, ברידער.

סינע, קריג, געלאָזן ווייט אהינטער. שאַלעם און ברידערלעכקייט.

צו אונטערטעניקן מאַטעריע, איז די ערשטע זאַך; דעם אידעאַל צו רעאַליזירן,

איז די צווייטע. לערנט זיך פון געשיכטע, מענטש איז ווילד געוועזן אַמאָל.

מיט די יאָרן האָט ער זיך אַרומגעקוקט, זיך אויסגעבילדעט און ביינעקומען

אַלע שוועריקייטן, און האָט די נאַטור, די רויע קויכעס צו זיין דינסט געשטעלט.

דעם טאָג, ווען מענטש וועט פולשטענדיק קאָנטראָלירן די שיף, די באַן, דעם עראָפּלאַן,

דאָס הייסט, דעם גרויסן מאָנסטער, די מאַשין; נים דינען איר, נאָר צו זיין דינסט

זי שטעלן, וועט ער ווערן דער אויבערהערשער איבער וואַסער, פייער

און לופט, און ער וועט ווערן פאַר אַלע אַנדערע באַשעפענישן אַף
דער ערד
דאָס וואָס די אַלטע געטער פון אַמאָל זיינען געווען פאַר אים.
מיט מוט פאָרויס! דורך אַרבעט און דורך קאַמף! און די שיינקייט,
וואָס הייסט מענטש,
וועט זיך צעשטראַלן ווי די זון איבער דער ערד..."
(נעמט טעאָדאָרס האַנט. מאַכט צו די אויגן).

**טעאָדאָר:**
(בלייבט זיצן מיט דער פעדער אין האַנט) זיך צעשטראַלן
ווי די זון איבער דער ערד...

**קעטרין:**
ווי די זון איבער דער ערד...

(פורהאַנג)